ואני ככבש אלוף
יובל לטבוח ולא
ידעתי כי עלי חשבו
מחשבות: נשחיתה
עץ בלחמו ונכרתנו
מארץ חיים ושמו
לא יזכר עוד...

ירמיהו י״א, יט

און איך בין געווען ווי אַ מילדע
שאָף וואָס ווערט געפירט צו דער
שחיטה; און איך האָב ניט גע־
וואוסט אז זיי טראַכטן מחשבות
אויף מיר: „לאָמיר אומברענגען
דעם בוים מיט זיין פרוכט; און
אים פאַרשניידן פון לאַנד, פון די
לעבעדיגע, אַז זיין נאָמען זאָל
מער ניט געדענקט ווערן״...

קול דמי אחיך צועקים אלי מן האדמה...
(בראשית ד׳, י׳)

# דאָס קול פון בלוט

## אַ מגילה פון יאָמער און שוידער...

פון משה ארי׳ שטערן

**נומער: עי־12248 (אוישוויץ), 125,643 (בוכענוואלד)**

מיין הארציגע, פון בלוט דורכגעווייקטע מגילה, איך שיק דיך ארויס איבער דער ברייטער וועלט, צו פאַרשידענע מענשן, צו אַזעלכע וועלכע וועלן דיך פאַרשטעהן און א סך לערנען פון דעם. דו וועסט אָבער אויך אָנטרעפן אזעלכע, וועלכע וועלן זיך ניט קענען פאַר־שטעלן אַז אַלץ וואָס דו דערציילסט האָטווירקליך פּאַסירט. ווייל די געשעהנישן זיינען אזוינע אומגלויבליכע גרוילקייטן, אזוינע אומ־מענשליכע שוידערליכקייטן, אַז עס איז אומבאַגרייפליך אַז דאָס האָט געקענט פּאַרקומען אין אונזער צייט...

און דאָך איז דאָס דער ריינער, אמת׳ער־אמת... דאָס וואָס איך דערצייל איז בלויז א קליינער טייל פון די שרעקליכע, שוידערליכע פּאַסירונגען אונטער דער „סוואַסטיקא" פון נאַצי־דייטשלאַנד, דורך די יאָרן פון 1933—1945.

איך בין ניט קיין שרייבער, און מיין פּען איז ניט מעכטיג גענוג, איך זאָל קענען באַשרייבן מיט אַלע איינצעלהייטן די טראַגעדיע פון אידישן פאָלק, און וואָס איך פּערזענליך האָב מיטגעמאַכט. דער גורל האָט געוואָלט אַז איך זאָל זיך געפינען אין דער מיט פון דער ערגסטער טיראַנישער אכזריות, וואָס איז נאָך דאַן ניט פאַרגעקומען אין דער געשיכטע פון דער מענשהייט.

ווי שוואַך מיין פּען איז, פיל איך זיך געצוואונגען זי צו נעמען אין האַנט און באַשרייבן אַלץ וואָס איך האָב מיטגעמאכט, אַלץ וואָס מיין האַרץ און מוח דיקטירן מיר.

דער צוועק פון מיין באַשרייבן דעם אומגליק, די טראַגעדיע וואָס איז אונז באַפאַלן, איז צו דערציילן דער מענשהייט פון היינטיגען דור און אויך פאר די קומענדע דורות, וואָס די דייטשן און זייערע געמיינע וואסאלן האָבן געטאָן צו הילפלאָזע, שוצלאָזע אידן, אומברייגענדיג זעקס מיליאָן אידישע מענער, פרויען און קינדער...

* * *

איך טראכט גאנץ אָפט וועגן דער פראַגע פון אַנטיסעמיטיזם, זיינע וואָרצלען און אורשפּרינגליכקייט און איך בין געקומען צו דער מסקנה (שלוס) אַז אַנטיסעמיטיזם איז אַ רישעות׳דיגער, סאַדיסטישער אינסטינקט, וואָס געפינט זיך אין געוויסע מענטשן וועלכע זוכן צו וואַרפן די שולד פאר זייערע אייגענע דורכפאלן און חסרונות. זיי מאַכן

דעם אידן פאר דער „שעיר לעזאזל״, כדי דורך דעם צו באהאלטן זייערע מיליטערישע און פאליטישע דורכפאלן און נידערלאגעס. דער המון איז תמיד גרייט צו כאפן דעם וואונק פון זיינע פירער און מאכן פאגראמען און רויבן און פלינדערן דאס אידישע האב און גוטס...

איך פרעג זיך: ווי איז דאס מעגליך אז א פאלק פון דיכטער, דענקער, פילאזאפן און וויסענשאפטליכע, זאל פלוצלונג פארוואנדעלט ווערן אין א פאלק פון תליונים, מערדער און בעסטיעס דורך די היטלער יארן פון 1933—1945?...

1) דער פרייסישער מיליטעריזם האט ארייגעקלאפט אין מוח פון דעם דייטשן קאפ, אז דער ציל הייליגט אלע מיטלען, און איינער פון די הויפט מיטלען איז געווען ארייננצוקריגן די רייכטימער פון אלע אידן, און דאן איז געווען לייכט פאר די דייטשן זיך אוועקצולאזן אויפן וועג פון מארד און רויב. דאס איז געווען די גיפט מיט וואס די נאציס האבן אנגעשטעקט דעם גאנצן דייטשן פאלק, און דעריבער איז דער גרעסטער טייל דייטשן שולדיג אין דעם שוידערליכן האלאקאוסט, אין דער שחיטה פון זעקס מיליאן אידן...

אט דער דאזיגער שענדליכער גיפט האט זיך שנעל פארשפרייט צווישן די אכציג מיליאן דייטשן, און זיי געמאכט פאר אן אינסטרומענט צו דעם שרעקליכסטן פארברעכן אין דער געשיכטע פון דער וועלט. זיי האבן געמארדעט מענער, פרויען און קינדער און פון זייערע מיילער ארויסגעריסן די גאלדענע ציינער; פון זייערע הויט האבן זיי געמאכט אבאזשורן פאר לאמפען...

2) עס זיינען פאראן א סך אורזאכן וואס האבן בעאיינפלוסט דעם דייטשן פאלק און אים געמאכט פאר א מערדער־פאלק, און ווען זיי האבן אנגעטראפן אויף דעם אידישן פאלק וואס איז געווען אזוי הילפ־לאז, אזוי שוצלאז, האבן זיי דאן אויסגעלאזן זייער צארן אויף זיי, ניט נאר צוליב זייער גרויסער מפלה וואס דאס דייטשע פאלק האט ערליטן אין דער ערשטער וועלט מלחמה, נאר אויך כדי אנצוזאמלען זייערע רייכטימער, וואס זאל זיי ערמעגליכן צו בויען דעם מעכטיגן דייטשען מיליטערישן רעזשים...

* * *

פאר די אויגן פון דער גאנצער וועלט, באשולדיג איך דאס דייטשע פאלק אין דער אויסמארדונג פון זעקס מיליאן אידן. דאס אידישע פאלק וואס האט געגעבן דער וועלט די „עשרת הדיברות״, דאס פאלק פון דער ביבעל, און אויף וועלכער די קריסטן האבן באזירט זייער אמונה אויף אונזערע נביאים, לויט זייער אייגענער אויסטייטשונג. און אט די דאזיגע קריסטליכע פעלקער האבן זיך גלייכגילטיג צוגע־

קוקט צו דער שחיטה פון אונזער פאָלק אין די הענט פון די נאַציס „ואין פוצה פה ומצפצף״!...

ווער נאָך ווי די אידן האָבן באַרייכערט די דייטשע קולטור, די דייטשע פילאָזאָפיע און די וויסענשאַפט?... מיר וועלן בלויז אָנגעבן געציילטע נעמען ווי: פערדינאַנד לאַסאַל, וואַלטער ראַטענאו, עדמונד הוסערל, הערמאַן קאָהען, פּאָול ערליך, פריטץ האַבער, אָטאָ וואַסער־מאַן, ווארבורג, אַלבערט איינשטיין, ערנסט קאַסירער, אַלפרעד אַדלער, טהעאָדאָר גאָמפּערץ, אַדאָלף זאָננעטהאַל און אזוי ווייטער. יעדער פון די דערמאָנטע האָט בייגעשטייערט און באַרייכערט די דייטשע קולטור... און וואָס האָבן אונז די דייטשן באַצאָלט דערפאַר?...

* * *

איך בין געקומען צו דער איבערצייגונג, דאָס א סאַך האָט ביי־געשטייערט צו אונזער גרויסען אומגליק — וואָס מיר אידען זיינען אויפגעצויגען געוואָרען אויף זייער איין איידעלען אופן. און מיר האָבן זיך ניט געוועהרט קעגען די שלעגערס. אונזער איידעלע דערציהונג פון טויזענטער יאָהרען (און דער לאַנגער פינסטערער גלות) האָט אונז גאַנץ איינפאַך געמאַכט אַפּאַטיש ווען אַזאַ מין סיטואַציע איז איינגע־שטאַנען. — ביי אידען איז קיינמאָל נישט געווען קיין גזלנים און רוצחים אין פולען זין פון וואָרט. און די אידען האָבן קיינמאָל נישט געקענט די „מלאכה״, אפילו פאַר זעלבסטפאַרטיידיגונג.

מיר אידען האָבן זיך גאָר נישט געקענט פאָרשטעלען, דאָס אַ מענטש וואָס איז באַשאַפען געוואָרען „בצלם אלקים״ זאָל זיין פעהיג צו באַגיין אַזעלכע אונגעהערטע אכזריות און מערדערייען איבער אַן אונבאַהאָלפען פאָלק. און דאָס האָט געטאָן אַ גאַנצע נאַציע, אַכציג מיליאָן ־ כן־ימעטו ־ דייטשען. וואָס האָבן געגילט פאַר אַן גע־לערענטען, קולטורעלען און העכסט פאָרגעשריטען פאָלק. און דערצו נאָך האָבן זיי זיך באַנוצט מיט די סאַמע לעצטע וויסענשאַפטליכע און טעכניאָלאָגישע דערפינדונגען — ווי אזוי צו אומצוברייגען דאָס הייפעלע אידישען פאָלק. און דאָס נעמט זיך נאָר — רק אין יראת אלקים במקום הזה, זיי האָבן ארונטער געוואָרפען פון זיך דעם „יראת אלקים״ איז — „והרגוני״ זיי האָבן געהרגעט און געמאָרדעט און פאַרשוועכט דעם צלם אלקים, כדי צו מאַכען רום פאַר דעם „הערען־פאָלק״.

דער פויפּסט פיוס דער 12־טער, ווי אויך אַ סאַך פון זיינע אונטערגעאָרדענטע ווי צ. ב. דער נונציוס פון בראַטיסלאַווא, דער פּרעזידענט פון סלאָוואַקיי, דער גלח טיסא ימ״ש, און אויך אַ סאַך קאַטוילישע גלחים אין פוילין און אין אַנדערע לענדער, האָבן זיך גע־

שטעלט אויף דער זייט פון די נאַציס. — אַ פּנים אויסער האַס און שנאת ישראל האָבען זיי נישט וואָס צו פאַרקויפען.

— און דאָ קומט דער שטאַרקסטער און מעכטיגסטער ענטפער און אָפּפרעג קעגען דאָס וואָס די קריסטליכע גייסטליכע פּרעדיגען אין נאָמען פון דעם „אותו־האיש": אַז מען פּאַטשט איין באַק, דערלאַנג דאָס צווייטע! און וועגען גוטסקייט און גוט־ברידערלעכקייט א. א. וו. „זיי" די „שלעגער" האָבען אָנגעווענדעט די דאָזיגע תורה פאַר די „גע־שלאָגענע". עס 'איז אויך באַוואוסט זייער „רחמנות" פאַר די אידען אין דער צייט פון דער שפּאַנישער אינקוויזיציע און אין די שפּעטערע יאָרען דורך די צייט פון דעם לאַנגען פינסטערען גלות. און דערצו זיינען די דייטשע מאַסען־מערדער געפאַלען אויף איין המצאה. נעמליך זיי האָבען אונז - די אידען - חדשים און יאָהרען סיסטעמאַטיש אויס־געהונגערט און אויסגעמוטשעט, און דערמיט האָבען זיי ניט נאָר אָפּגעשוואַכט און אוועקגענומען דאָס פיזישען כח פון אַקעגענשטעלען זיך, נאָר אויך דעם גייסט האָבען זיי צעבראָכען, אַז עס איז נישט געווען קיין כח און קיין מוט צו שטעלען עפּעס אַ ווידערשטאַנד — אַ חוץ אין אייצעלנע פאַלען.

* * *

די אידען, די גדולי ישראל פון די פריערדיגע דורות, האָבען יאָ געוואוסט וואָס מען זאָל טהאָן אין אַזאַ קריטישע צייט. און מען האָט אָנגעווענדעט אַלע מיטלען, צו ווירקען אויף אַ מלכות הרשעה, אַז אידישע בלוט זאָל ניט זיין הפקר. און אפילו נוקם געווען זיך אָן די מערדער פון אידען. — מען האָט ארויסגעגעבען אַ חרם נישט אריינצופאָהרען אין יענער לאַנד, און נישט האַנדלען מיט זיי. מען האָט פאַרפאַסט ספּעציעלע תפילות, סליחות און קינות וועגען די צרות וואָס זיי האָבען אָפּגעטאָן דאָס אידישע פאָלק — און אין יענער לאַנד ספּעציעל — מען זאָל עס ניט פאַרגעסען, און זייער נאָמען זאָל זיין פאַרפלעקט „לדראון עולם"!

אונזערע גדולים שיחיו, האָבען לײדער ביז אַצינד נאָך נישט גענומען קיין שטעלונג, ווי אזוי מען זאָל זיך נוהג זיין, אין באַצוג צו די דייטשען בכלל ימ"ש, צי מען מעג מיט זיי האַנדלען און אויב אַ איד מעג וואוינען יעצט אין דייטשלאַנד. — אויך איז ביז יעצט נאָך נישט פאַרפאַסט געוואָרען איין ספּעשעל תפילה אָדער ענליכעס, וועגען דעם אומקום פון די זעקס מיליאָן קדושים וטהורים שמסרו נפשם על קידוש השם, אָדער פאַראייביגען ווי געהעריג זייער ליכטיגען אָנדענק אויף אַן עכט־אידישען (נישט קיין מאָדערנעם) אופן.

און דער עיקר ווי אזוי דורכצופירען אין לעבען די מצוה פון די „ששה זכירות": „זכור את אשר עשה לך עמלק... לא תשכח"!

„זכור — בפה, לא תשכח — בלב" ווי אונזערע חז"ל האבען עס אויס־געטייטשט, מען זאל די אלע שוידערליכע און גרוילדיקע מעשים פון די נאצי דייטשען, נישט פארגעסען פון מויל און פון הארץ...

* * *

אט די דאזיגע באשרייבונג מיינע איז געווידמעט צו דעם אנדענק פון די זעקס מיליאן אידן קדושים, צווישן וועמען עס געפינען זיך מיינע פינף קינדער...

איך וויל אויך אז אט די דאזיגע מגילה מיינע זאל זיין אן אנדענק אן אלע וואס זיינען אומגעקומען על קידוש השם... און א דערמאנונג צו די אלע לעבענפארבליבענע פון קאנצעטראציע קעמפס, די גאז קאמערן, פון די פייניגונגס קאמערן און פון די אלע אנדערע מערדער־ליכע מעטאדן, ניט צו פארגעסען... „זכור את אשר עשה לך עמלק... לא תשכח"!

פאר די צוקונפטיגע דורות זאל די דאזיגע מגילה מיינע, זיין ווי אן עד־ראיה, איינער וואס האט אלץ צוגעזעהן מיט זיינע אויגן, די אלע גרוילקייטן און שוידערליכקייטן און וועמענס איינציגער וואונש איז:

„לא עליכם כל עברי דרך, הביטו וראו אם יש מכאוב כמכאובי"...

— ניט פאר איך געדאכט, איר אלע וועג־גייער! טוט א קוק און זעהט, צי עס איז פאראן אזא ווייטאג ווי מיין ווייטאג?...

די גאנצע וועלט — די גאנצע מענטשהייט, זאל וויסען, וואס די נאצי־דייטשען האבען אונז געטאן.

און צום סוף איז מיין וואונש, עס זאל מקויים ווערען אויף זיי וואס ירמיהו הנביא האט געזאגט (אין מגילת איכה, אין ווייטערע פסוקים):

„תבא כל רעתם לפניך, ועולל למו כאשר עוללת לי"... — עס זאל געדאכט ווערען זייער גארע זינד פאר דיר — (דו רבוש"ע) — און טו צו זיי, ווי דו האסט געטאן צו מיר...

און ווי ער זאגט אין דעם פסוק וואס איז פאר דעם:

„הבאת יום רעה ויהיו כמוני"... — הלואי וואלסטו ברענגען אויף זיי איין טאג — יום רעה ופורעניות — ווי דו האסט אויף מיר געבראכט, און זיי זאלען זיין ווי איך בין (דאן) געווען...

קול דמי אחיך צועקים אלי מן האדמה...
(בראשית ד׳, י׳)

# דאָס קול פון בלוט

# אַ מגילה פון יאָמער און שוידער...

## פון משה ארי׳ שטערן

נומער: עי־12248 (אוישוויץ), 125,643 (בוכענוואלד)

.1

טראַץ דעם וואָס די היטלער געשיכטע האָט פּאַסירט אין אונזער צייט, וועל איך דאָך געבן אַ קורצען איבערזיכט איבער די אַלע אַנט־וויקלונגען וואָס האָבן געבראַכט דעם גרעסטן המן, דעם פינסטער־ליכן צורר היהודים אין דער גאַנצער וועלט געשיכטע.

אין 1933 אין חודש פעברואַר האָט פאָן הינדענבורג, דער דייטשער פּרעזידענט, באַשטימט אַדאָלף היטלער׳ן אַלס רייכס־קאַנצלער. היטלער איז געוואָרן דער „פירער" און אָרגעניזירער פון די נ. ס. ד. א. פּ. (נאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע דייטשע אַרבייטער פּאַרטיי). זיין הויפּט ציל דאַן איז שוין געווען עוקר מן השורש זיין דאָס אידישע פאָלק. נאָך הינדענבורג׳ס טויט האָט דאָס דייטשע פאָלק דערווילט אַדאָלף היטלער׳ן אַלס רייכספּרעזידענט.

אין די אינטערעסן פון אמת איז אונזער פליכט צו דערקלערן פאַר דער וועלט איצט און פאַר די צוקונפטיגע דורות, אַז אַ מאַיאָריטעט פון דייטשע פאָלק האָט אים אויסגעקליבען אַלס זייער פירער און וועג־ווייזער, וויסענדיג (פון זיין בוך „מיין קאַמפף") אַז דאָס אומברייינגען פון אידישן פאָלק איז היטלער׳ס הויפּט ציל... דעריבער איז דאָס גאַנצע דייטשע פאָלק פאַראַנטוואָרטליך פאַר די אַלע שוידערליכע פאַרברעכענס וואָס ער איז באַגאַנגען אין זייער נאָמען, מיט זייער צושטימונג...

דער פּראָגראַם פון היטלער׳ס רייך איז באַשטאַנען פון צוויי הויפּט צילן:

1) צו רעוווידירן דעם ווערסאיל־אָפּמאַך, און דורך דעם אָפּווישן דעם פלעק פון דער דייטשער מפּלה אין ערשטן וועלט קריג; צו־גרייטען דעם פּאָלק צום געדאַנק, אַז דייטשלאַנד דאַרף צוריק קריגן אירע אַפריקאַנישע קאָלאָניעס, ווי אויך עלזאַס־לאָטרינגען וואָס פריינק־רייך האָט צוריק אָפּגענומען פון דייטשלאַנד אין דער ערשטער וועלט־מלחמה.

2) צוצוגרייטען אַזאַ מעכטיג מיליטערישע מאַשין וואָס וועט איר געבן די מעגליכקייט צו פאַרווירקליכען איר ערשטען ציל. דאָס וואָלט ניט נאָר צוריקגעהויבן דעם דייטשן פּרעסטיזש אין דער וועלט, נאָר וואָלט מעגליך געמאַכט פאַר דייטשלאַנד זיך צו ערקלערן פאַר׳ן „הערן־פאָלק״, ווי דייטשלאַנד האָט זיך איינגערעדט פאַר די לעצטע עטליכע דורות.

כדי דאָס צו דערגרייכן האָט היטלער באַדאַרפט האָבן געלט. אוצרות מיט גאָלד. ביי וועמען וועט היטלער קענען נעמען געלט אויב ניט ביי די אידען פון דייטשלאַנד? די דייטשע אידען זיינען זעהר רייך. זיי זיינען די אייגנטימער פון די גרעסטע געשעפטן; דאַן האָט היטלער געשאַפן די „נירענבערגער־געזעצען אין וואָס די אידן זיינען ערקלערט געוואָרען ווי מינדערווירדיגע ראַסע און אומגעווינשענע און מען האָט דאַן אָנגעהויבן קאָנפעסקירן אידיש האָב און גוטס. מען האָט ביי די אידן אַוועקגענומען זייערע גרויסע עטאַבלירטע געשעפטן. מען האָט זיי באַרויבט פון זייערע געלטער, מען האָט אַוועקגענומען זייערע בענק און אויך דאָס געלט וואָס זיי האָבן געהאַט אין די בענק. מיט אַמאָל זיינען די אַלע אידן, וועלכע זיינען געווען איינגעפונדעוועט רייך פאַר פיל דורות, געבליבן בעירום וחוסר כל הויל און נאַקעט.

די אידישע לערער אין די הויך שולען, די פּראָפעסאָרן, וויסענשאַפטסלייט, אינזשינערן אַרכיטעקטן און די וועלכע האָבן זיך אויסגעצייכענט אויף אַנדערע געביטן, זיינען אַרונטערגעזעצט געוואָרן פון זייערע פּאָסטענס, און זיינען געצוואונגען געווען צו לויפן וואוהי׳ן די אויגען וועלען זיי טראָגען. עס איז געווען אַזוי שוידערליך טראַגיש צו זעהן אַזעלכע מענשן מיט הויכע בילדונג קולטור, פון אידישער אַריסטאָקראַטישער אָפּשטאַמונג זיינען פּלוצלונג געטריבן געוואָרן צו בעטל־ברויט. כדי וואָס שנעלער פּטור צו ווערן פון די אידן אין דייטשלאַנד, האָט היטלער אין אָנהויב זיי ערלויבט צו פאַרלאָזן דייטשלאַנד אָבער בתנאי אַז אַלץ וואָס זיי פאַרמאָגן מוז איבערגעלאָזט ווערן אין דייטשלאַנד אַ סך אידן וועלכע האָבן פאָראויסגעזעהן, אַז קיין גוטעס האָבן זיי שוין ניט וואָס צו ערוואַרטן, האָבן זיך קוים געראַטעוועט מיט זייערע לעבענס און פאַרלאָזן דייטשלאַנד. איצט,

אין רעטראָספּעקט, קוקענדיג אויף צוריק, קענען זיי זאָגען אַז יענער גרויסער אומגליק איז פאַר זיי גאָר געווען אַ גליק... ווייל אויב זיי וואָלטען פאַרבליבען אין דייטשלאַנד וואָלטען זיי ניט נאָר פאַרלאָרן זייער גאַנצע פאַרמעגענס נאָר אויך זייער לעבענס...

היטלער האָט זיך אָבער ניט באַנוגענד מיט אומברייינגען די דייטשע אידן, נאָר האָט אויסגעשפּרייט זיינע אומריינע הענט צו פאַר־ניכטען אַלע אידן פון דער גאַנצער וועלט. צו דערגרייכען אָט דעם ציל האָט ער געשאַפן אַ ריזיגע פּראָפּאַגאַנדע מאַשין אונטער דער פירערשאַפט פון זיין מיניסטער דר. יאָזעף געבעלס. דער ראטגעבער און אַרויסהעלפער פון אידען פרעסעריי איז געווען יוליוס שטרייכער, דער אַרויסגעבער פון דער צייטונג „דער שטירמער", וואָס האָט ניט אויפגעהערט צו שיטן פּעך און שוועבל אויף דעם גאַנצן יודענטום, זוכענדיג אפילו אָפּצופרישן דעם עלילת דם אַז אידן נוצען קריסטליך בלוט פאַר זייערע ריטועלע צוועקן. שטרייכער'ס הויפּט בילן איז געווען געווענדעט צו יעדען לאַנד וואו אידען האָבען זיך געפונען. ער האָט געשטורעמט אז אידן ברענגען אלע אומגליקן אויף דער וועלט...

אין דער צייט וואָס דאָס דייטשע פאָלק האָט זיך געבאָדן אין אידיש בלוט, און אזוי נידעריג געזונקען, אז זיי, די נאַציס, האָבן אויסגעמאָרדעט זעקס מיליאָן אומשולדיגע אידן, קדושים, מאַרטירער, מענער, פרויען און קינדער, און זיך באַנוצט מיט זייער פעטקייט צו מאַכן זייף, און זייערע האָר צו מאַכן באַרשטן, (ווי איך וועל באַשרייבן מיט מער איינצעלהייטען ווייטער), האָבן זיך גאָר געהאלטן פאַר'ן „הערן־פאָלק"... האָבן זיי געשילדערט די אידן מיט נוצען זיך מיט מענשענבלוט ר"ל.

כדי צו באַרעכטיגן זייערע גרויזאַמקייטן און שוידערליכקייטן, האָבן געבעלס און שטרייכער פאַרשפרייט פאַרשידענע בילבולים. פאַר־שידענע אומגלויבליכע שטוינענדע פאַלשקייטן, אז טראָץ דעם וואָס זיי אַליין האָבען איינגעזעהן ווי לעכערליך אַזעלכע באַשולדיגונגען זיינען, האָבען זיי אָבער געטראַכט, אַז אויב זיי וועלען ניט אויפהערן האַמערן טאָג טעגליך וועגן די פאַרברעכערישקייטן פון אידישן פאָלק, וועט זיך דאָך עפּעס צוקלעפּן צו פיל מענשן...

היטלער איז באַגאַנגען אָט די אַלע פירכטליכע פאַרברעכענס געגען די אידן, וויסענדיג אַז די רעגירונגען פון אַלע אַנדערע פעלקער וועלן אים ניט שטערן, אונטער דעם אויסרייד אַז דאָס איז אַן אינערליכע אנגעלעגענהייט פון דייטשלאַנד, און אַ פרעמדע מאַכט האָט קיין רעכט ניט זיך אריינצומישן. ער האָט געוואוסט אַז דאָס אידישע פאָלק איז הילפלאָז, שוצלאָז, און דעריבער קען ער טאָן מיט די אידן וואָס אים געפעלט...



די נאַצי עס. עס. שענדען אידען, דורך אָפשניידען זיי באָרד און פיאות. דייטשען באַוויזען זייער „העלדישקייט” איבער 2 הילפלאָזע אידן.

דער איטאַליענישער פאַשיסטישער דיקטאַטאָר, מוסאָליני, איז אין אָנהויב געווען געגן פאַרפאָלגן די אידן, אָבער שפּעטער, נאָך זיין פאַרנעמען אַביסיניע, האָט ער זיך גענומען דערנענטהערן צו היטלערן און ער האָט אינגאַנצען געביטען זיין שטעלונג און ער האָט געמאַכט דעם אַנטיסעמיטיזם אַלס אַ טייל פון זיין פּאָליטיק. ניט אַזוי שאַרף און בולט ווי היטלער׳ס, אָבער די אידן אין איטאַליע האָבען שוין גענומען פילן די בייטש פון אַנטיסעמיטיזם.

אין לאַנד פון דער „סוואסטיקא”, האָט זיך זינט היטלער׳ס אויפשטייג, די לאַגע פון די אידען פאַרערגערט יעדן יאָר. די פאַר-פאָלגונגען זיינען וואָס ווייטער געוואָרן מער ברוטאַל, אָפן און אונפאַר-שעמט. מען האָט אַלץ אַוועקגענומען ביי די אידן. מען האָט זיי פאַר-

טריבן פון אַלע פּאָסטענס וואָס זיי האָבן אָנגעהאַלטן, די פּראָפעסאָרן האָט מען פאַריאָגט פון די שולעס און אוניווערזיטעטן. די אידישע אַדוואָקאַטען האָבען קיין רעכט ניט געהאָט מער צו פּראַקטיצירען. די אַלע גרויסע און פּאַרצווייגטע געשעפטן וואָס האָבען באַלאַנגט צו אידן, זיינען קאָנפיסקירט געוואָרען, אַזוי אַז אַלע דייטשע אידן פון אָרעם און רייך זיינען רואינירט געוואָרן. אַן ערך דריי הונדערט טויזענט אידן זיינען געצוואונגען געוואָרען צו פאַרלאָזען דייטשלאַנד. די דאָזיגע אידן וועלכע זיינען געלאָפן קיין פּוילין, פראַנקרייך, טשעכאָ־סלאָוואַקיע, אָדער עסטרייך, זיינען שפּעטער, ווען היטלער האָט פאַר־כאַפּט אָט יענע לענדער, ווידער אַריינגעפאַלען אין די לאַפּעס פון די נאַציס, און זיי זיינען אַלע פאַרגאַזט און פאַרברענט געוואָרען . . .

אָט די אַלע אַנטוויקלונגען ביז וואַנען היטלער האָט אָנגעצונדן די צווייטע וועלט מלחמה איז אַלעמען גאַנץ גוט באַוואוסט, און עס איז איבעריג פאַר מיר אַריינצוגעהן אין אַלע איינצעלהייטען. איין זאַך האָט היטלער ניט פאַרהוילן פון דער גאַנצער וועלט און דאָס איז אַז זיין ציל איז צו פאַרטיליגן דאָס גאַנצע אידישע פאָלק, און אויף אַזאַ אופן זיינען די הילפלאָזע אידישע געמיינדעס פון גאַנץ אייראָפּע געוואָרן קרבנות פון די נאַצישע בלוט־הינט, און דורך די זעקס יאָר פון 1939 ביז 1945 זיינען אויסגעמאָרדעט געוואָרען זעקס מיליאָן אידען דורך שוידעליכסטע עינויים וואָס איז נאָך ניט געהערט געוואָרען אין דער געשיכטע פון דער מענשהייט . . . ווען די דייטשען האָבן איינגענומען אַ לאַנד איז זייער ערשטער שריט געווען צו באַרויבען אַלע אידען און דאַן זיי פאַנאַנדערשיקן אין די פאַרשידענע קאָנצעטראַציע קעמפּס וואו זיי מיט זייערע פרויען און קינדער זיינען אומגעקומען אין די קרעמעאַטאָריומס . . .

שוין אין אָנהויב פון דער מלחמה ווען היטלער האָט פאַר־כאַפּט פּוילין, נאָכדעם ווי די נאַצי באָמבעס האָבן חרוב געמאַכט כמעט גאַנץ וואַרשע, האָבען די פּוילישע אַנטיסעמיטן געהאָלפען די נאַציס צו מאָרדן אידן . . . אָבער יענע ביטערע אומפאַרשעהמטע פּוילישע אידן פרעסער האָבן אַליין דערפאַר טייער באַצאָלט. דריי מיליאָן פון זיי האָבען אויך באַצאָלט מיט זייערע לעבענס.

אַ סך ליטווינער האָבען געהאָלפען די נאַציס אומצוברענגען אידן. ווען דייטשלאַנד איז פּלוצלונג באַפאַלן די סאָוויעטן רוסלאַנד, האָבן אַ סך אוקראַינער זיך אָנגעבאָטען צו דינען היטלער׳ן צו העלפן מאָרדעווען די הילפלאָזע, שוצלאָזע אידן סיי די וועלכע וואָס זיינען אַנגעלאָפען אַהין פון אַנדערע פּוילישע שטעט, און סיי די וועלכע זייען בירגער פון אוקראַינע . . .



מאַרטין באָרמאַן



יוזעף מענגעלע



היינריך מילער

דריי פון די גרעסטע פאַרברעכערס, וואָס זענען געווען היטלער׳ן בייהילפיג אין אויסמאָרדען די אידען, זענען איצט ערגעץ אויסבאַהאַלטען, זיי זענען: 1) היטלער׳ס שטעלפאַרטרעטער, מאַרטין באָרמאַן; 2) דער בלוטהונט דר. יוזעף מענגעלע; און 3) רייכסמיניסטער און געסטאַפּאָ שעף, היינריך מילער.

שפּעטער זיינען אַ סך יונגע, געזונטע אידן געווען געצוואונגען צו אַרבייטען פאַר די דייטשען אין פּוילישע פאַבריקען. מען האָט אפילו נאָכהער געשיקט אַזעלכע אידן קיין דייטשלאַנד און מיט זיי געאַרבייט כל עבודת פרך, דאַן האָבען די נאַצי׳ס איינגעשטעלט די אידישע „געטאָס״, כדי איינגאַנצען אָפּצוזונדערען די אידן פון די אַנדערע . . .

אַ סך אידן מיט זייערע קינדער זיינען דערמאָרדערט געוואָרן טרייבענדיג זיי פון זייערע היימען צו די געטאָכ. איך וועל שפּעטער ערקלערן ווי אַזוי די געטאָס זיינען געגרינדעט געוואָרן. איך געפין פאַר נויטיג צו ערקלערן מערערע איינצעלהייטען, כדי די צוקונפטיגע דורות זאָלן באַגרייפען וואָס דער דייטש וועלכער האָט זיך געהאַלטען פאַר „איבער״ מענש, איז געווען פעהיג צו טאָן . . . די נאַצי דייטשען זיינען געווען בעסטיעס אין מענשן געשטאַלט. איך גלויב אַז מען דאַרף זיך אַנטשולדיגען פאַר די ווילדע חיות, די בעסטיעס, פאַרוואָס מען פאַרגלייכט די נאַצי דייטשען צו זיי. עס איז ווירקליך אַ באַליידי־גונג פאַר די חיות . . .

די געטאָס זענען איינגעשטעלט געוואָרען אַממערסטן אין צוויי אָדער דריי גאַסן, אין די פריערדיגע אידישע קוואַרטאַלן, און די גאַנצע אידישע באַפעלקערונג זיינען אַריינגעשפּאַרט געוואָרען דאָרט. אין צימערן וואָס זיינען געווען גרויס גענוג בלויז פאַר צוויי אָדער דריי פערזאָן, זיינען אַריינגעשפּאַרט געוואָרען פּופצען ביז צוואַנציג פערזאָן. אַן אונטערשייד פון געשלעכט, קינדער און דערוואַקסענע, דער הונגער האָט געבושעוועט אין אַלע אידישע געטאָס. ווען עס האָבען אויסגע־בראָכען עפּידעמיעס אין געטאָ, פלעגט מען די קראַנקע אַוועקשיקען קיין טרעבליענקע אָדער אושוויץ, וואו מען האָט זיי דערשטיקט אין די גאַז קאַמערן . . . מען פלעגט זיי אויך אַוועקשיקען אין געשלאָסענע וואַגאָנען פאַר מאַסן הינריכטונגען. די דייטשען־מערדער האָבן נאָך געצוואונגען זייערע קרבנות צו גראָבן זייערע אייגענע קברים און דאַן זיי אויסשיסען מיט מאַשין ביקסען . . . ניט זעלטען פלעגען זיי באַגראָבען מענשן וועלכע האָבען נאָך געלעבט, ווייל זיי זיינען בלויז פאַרוואונדעט געוואָרען פון די קוילען . . .

עס איז אוממעגליך צו באַשרייבן ווי אַזוי די איינוואוינער פון די געטאָס האָבען אויסגעזעהן אָפּזייענדיג דאָרט אַ שטיקל צייט. איין זאַך דאַרף געזאָגט ווערן: ווען די לאָדזשער געהעטאָ איז איבערגעשיקט געוואָרען קיין אושוויץ האָב איך ניט געקענט אונטערשיידן פון אַ צען יעריגן אינגעל צו אַ צוואַנציג יעריגען יונגערמאַן. מען האָט ניט געקענט מערקן קיין אונטערשייד פון מענשן פון צוואַנציג צו מענשן

פון פופציג . . . אַלע זיינען געווען טויט בלאָס, אויסגעמאָגערט, פאַר־דאַרט און פאַרקוואַרט פון שרעקליכן הונגער . . . ניינציג פּראָצענט פון אָט די דאָזיגע אומגליקליכע סקעלעטענס זיינען אַוועקגעשיקט געוואָרן צו די גאַז קאַמערן און זיינען פאַרברענט געוואָרן אַזוי שנעל ווי זיי זיינען דאָרט אָנגעקומען.

צום באַדויערן האָבן זיך דאָרט אין די געטאָס געפונען אויך פון נידעריגן כאַראַקטער, דער אָפּפאַל פון אונזער פאָלק, וועלכע האָבן אָנגעבאָטן די דייטשען זיי צו דינען, און העלפען איבערגעבען אין זייערע הענט פיל אידן ווען זיי האָבן אויסגעקליבן, ווען די דייטשען האָבן פאַרלאַנגט אַז מען זאָל צושטעלן אַ געוויסע צאָל פאַר שווערע אַרבייט. אָט פון די דאָזיגע פאַרברעכערישע אידישע אויסוואַרופען, האָט זיך פאַרמירט אַ פּאָליציי וואָס האָט געהאַלטן אָרדענונג אין די געטאָס. אין אָנהויב האָבן זיי דאָס געטאָן ניט גערן, נאָר מען האָט זיי געצוואונגען, שפּעטער אָבער, ווען זיי האָבן געהאָפט צו ראַטעווען זייערע לעבענס, האָבן אַ סך פון זיי פאַרקויפט זייערע נשמות צום טייוועל, צו די נאַצי תליונים אָן שום צעגערונג. אָבער אויך זיי די פאַרקויפטע נשמות, האָבען זיך ביטער אַנטוישט, ווייל ווען מען האָט ליקווידירט די געטאָ, האָבן די נאַציס זיי אויך אַוועקגעפירט אין די קאָנצענטראַציע לאַגערן און זיי פאַרגאַזט . .

אַלס צוגאָב צו די געטאָס האָבן די נאַצי פאַרברעכער איינגע־ריכט אַזאַ מין יודענראַט, וואָס האָט געהאַט די אויפגאַבע צו צייגן דער וועלט אַז די אידישע באַפעלקערונג האָט „אָטאָנאָמיע" אין דער געגענט וואו זיי געפינען זיך.

די דאָזיגע דייטשע אינסטיטוציע איז געווען געבויט אויף ליגן און פאַלשקייט. דאָס האָט געזאָלט זיין אַ באַראַטונגס קערפּערשאַפט. די אויפגאַבע פון די אידישע מיטגלידער פון יודענראַט איז געווען אַרויסצוקריגען געלט פון אייגענע כדי נאָכצוקומען די גרויסע סומע געלט אָפּצאָל וואָס די נאַציס האָבן ארויפגעלייגט אויף דער דאָרטיגער אידישער קהילה. גאַנץ אָפט האָבן זיי צוגעזאָגט בעסערע באַהאַנדלונגען צו די אידן און זיי דורכדעם געצוואונגען אַוועקצוגעבען דאָס ביסל געלט און צירונג וואָס זיי האָבן געהאַט באַהאַלטען... דאָס האָבן די מיטגלידער אַרויסבאַקומען מיט דער הילף פון די נאַצישע בעאַמטע.

עס איז געווען אַ גרויסע אונטערשייד צווישען די אידישע געטאָ פּאָליציי און די מיטגלידער פון „יודענראַט". די אידישע פּאָליציי איז באַשטאַנען מיינסטענס פון די נידעריגסטע און מאַנכע קרימינאַלע שיכטן פון דער אידישער געזעלשאַפט, אָבער די מיטגלידער פון יודענראַט זיינען געווען מיינסטענס ערליכע, ווירדיגע פּערזאָנען וועלכע

זיינען געוועזן אַליין הילפלאָז געגען דעם שונא פון די אידן... זיי זיינען געוועזן געצוואונגען נאָכצוקומען די פאָדערונגען פון די נאַציס.

די אידען וועלכע האָבן זיך געפונען אין דעם טייל פון פוילין וואָס איז געוועזן אָקופּירט פון די רוסען, האָבען זיך געפילט מער אָדער ווייניגער זיכערער מיט זייערע לעבענס, כאָטש עקאָנאָמיש זיינען זיי אויך געוועזן רואינירט. ווען היטלער האָט אַטאַקירט רוסלאנד דעם צווייי און צוואנציגסטן יוני, 1941, אָן שום וואָרנונג, איז דאַן דער גורל פון אַלע פוילישע אידן אפילו אויך פון די אוקראינישע אידען, געוואָרען פאַרזיגעלט. די אידען פון אוקראינע און אַנדערע טיילן פון מערב רוסלאנד ווי אויך פון ליטע, לאַטוויע, עסטאָניע און אַנדערע וואָס זיינען געוועזן אונטער די סאָוויעטן, זיינען אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די נאַציס און האָבען ד׳רכגעמאַכט די זעלבע מאַרטירערטום ווי די פוילישע און דייטשע אידן.

## .2

ווי איז געווען די לאַגע פון די אידען אין קאַרפּאַטען רוסלאַנד? לאָמיר געהן כסדר: אין 1939 ווען היטלער האָט אָקופּירט טשעכאָסלאָוואַקיע, האָט אונגאַרען, מיט דער צושטימונג פון היטלער'ן, און אויפן באַפעל פון אַדמיראַל האָרטי, פאַרנומען אַ טייל פון קאַרפּאַטען־רוסלאַנד. די מיטגלידער פון זייער רעגולערע אַרמיי, זיינען ערקלערט געוואָרען אַלס פּאַרטיזאַנער, און זיי גלייך הינגעריכטעט.

נאָך זיין פאַרכאַפּען קאַרפּאַטאָ־רוסלאַנד, האָט אַדמיראַל האָרטי און זייגע מיניסטאָרען פאַרעפענטליכט אַ פּראָקלאַמאַציע, אַז ער קומט צו באַפרייען די גאַנצע באַפעלקערונג פון אָט דעם לאַנד, אָן אונ־טערשייד פון גלויבען, ראַסע און רעליגיע... דאָס האָט געשיינט צו זיין צו גונסטן די אידישע בירגער פון קאַרפּאַטן רוסלאַנד. וואָס אָבער איז געווען דער אמת?

אין צווי וואָכען נאָך דער אָקופּאַציע האָט די מיליטערישע אַדמיניסטראַציע וואָס האָט איבערגענומען די רעגירונג פון דער ציווילער הערשאַפט, פאַרעפענטליכט אַ מעלדונג אין וואָס יעדער איינער איז אויפגעפאָדערט געוואָרען אויסצופילן אַ פאָרמאַט פון אַ פראַגענבויגען, וואָס האָט אויסער די געוועהנליכע פראַגעס וועגען נאָמען, געבורט, אַדרעס פּראָפעסיע א. א. וו., אויך באַדאַרפט ענטפערען צו די פערזאָן איז אַ איד. אויב די פערזאָן איז געווען אַ איד, האָט ער באַדאַרפט ענטפערען צו ער האָט אונגאַרישע ביר־גערשאַפט, און וואוהין ער וועט געהן אין פאַל מען וועט אים אַרויסשיקען פון לאַנד?

אין פאַרלויף פון עטליכע חדשים האָבען די אונגאַרען איינ־געשטעלט אין יעדער קאַרפּאַטן־רוסיש שטאָט אַ גרעניץ פּאָליציי וואַך, פערזאָנען וועלכע זיינען געווען אין דער קאַטעגאָריע פון אידן, זיינען עפענטליך אויפגעפאָדערט געוואָרען צוצושטעלען אַ סערטיפיקאַט וועגען זייער אונגאַרישער בירגערשאַפט. דאָס וואָס דער אַרויס־גערופענער האָט געקענט באַווייזען אַז זיינע עלטערען און אור עלטערען זיינען געבאָרען אין דעם לאַנד מיט פופציג אָדער מיט הונדערט יאָר צריק, און אַז זיי האָבען געצאָלט שטייער נאָך פאַר

דער ערשטער וועלט מלחמה, איז ניט געווען גענוג... דער געררו־פענער האָט באַדאַרפט באַווייזען אַז ער איז געבאָרען אין דעם לאַנד, אַז זיינע עלטערען און גראָס עלטערען זיינען אויך דאָ געבאָרען געוואָרען, אַז זיי אָדער ער איז געווען אין יאָר 1871 דערוואַקסען און האָט געצאָלט שטייערען, אַז זיינע עלטערען זיינען געשטאָרבען אויף דעם אונגאַרישן באָדען.

אויב די ערשטע דריי פראַגעס זיינען פאַרענטפערט געוואָרען מיט פאָזיטיווע ענטפערס, האָט דער איד נאָך נישט געקענט אַריינגע־בומען ווערן אַלס אונגאַרישער בירגער ביז וואַנען ער האָט געקענט ענט־פערען יאָ, און דאָס באַשטעטיגען.

אויב אַ חתונה איז פאָרגעקומען נאָך דעם יאָר 1936, האָט דאָס ווייב ניט געקענט קריגען די בירגערשאפט פון איר מאַן. אויב זי האָט געוואָלט ווערען אַ בירגערין האָט זי באַדאַרפט נאָכקומען די זעלבע באַדינגונגען ווי איר מאַן.

איבער 80 פראָצענט פון דער אידישער באַפעלקערונג האָבען ניט געקענט נאָכקומען די פאַרלאַנגטע באַדינגונגען, ווייל אין פיל דיסטריקטן וואָס זיינען באַוואוינט געווען פון אידען אין יענער צייט, איז ניט געווען אַזאַ זאַך ווי רעגיסטרירען געבורטן, טויטפאַלן, אָדער חתונות, אַזוי אַז עס איז געווען אומעגליך צו האָבען באַווייזען פאַר דעם.

די אַלע אידען וועלכע האָבען ניט געקענט צושטעלען די פאַר־לאַנגטע סערטיפיקאַטען כדי צו קריגען די בירגערשאַפט און אידען וועלכע האָבען גלייך דערקלערט, אַז זיי זיינען פרעמדע בירגער, זיינען באַלד דערקלערט געוואָרען אַלס פרעמדע, און האָבען געקראָגן אַן אָפיציעלען באַפעל צו פאַרלאָזען דאָס לאַנד אין משך פון 30 טעג.

אָט די דאָזיגע אידען זיינען אינפאָרמירט געוואָרען פון דעם גרעניץ וואַך, אַז זיי קענען אַפעלירען צו די העכערע אויטאָריטעטן, בטל צו מאַכען אָט דעם באַפעל. אָבער דאָס האָט ווינציג וואָס געהאָלפען. די וועלכע האָבען געהאַט אַ סערטיפיקאַט, וואָס האָט באַאווייזען אָן צווייפעל, אַז זיי זיינען בירגער, האָבען באַדאַרפט קריגען א באַשטעטיגונג פון דעם קאַבינעט פון הויפט ביורא אין בודאַפּעסט. איך האָב באַלאַנגט צו דער קאַטעגאָריע וואָס האָט געהאַט אַ סערטיפיקאַט, און איך האָב געקראָגען דעם אונגאַרישען בירגעררעכט. געלט האָט געשפּילט אַ היבשע ראָלע אין דעם.

איך וויל ניט אַריינגעהן אין איינצעלהייטן און באַשרייבען די שווינדלערייען און גנבה׳שקייטען וואָס זיינען אָנגעגאַנגען ביי די

אונגאַרישע אויטאָריטעטן. איך וועל בלויז אָנצייגן אויף איין טיפּישן פאַל:

מיין אַלטער פריינד האַלאַנדער, דער דאַמאָלסדיגער פאָרזיצער פון דער קולטוס געמיינדע פון חוסט, האָט געהאַט אַלע פארלאנגטע סערטיפיקאַטן וואָס האָבן באַוויזען, אַז ער איז אַן עכטער אונגאַרישער בירגער, אָבער טראָץ דעם, האָט ער געקראָגן אַ באַפעל צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד. זייער טענה איז געווען, אַז אין איין טייל פון סערטיפיקאַט איז זיין נאָמען אויסגעלייגט האַלאַנדער, און אויף אַ צווייטער טייל איז זיין נאָמען האַלענדער... אַט דער דאָזיגער בוכשטאַב האָט פאַרזיגעלט דעם שיקזאַל פון יענעם ווירדיגען מאַן...

מיט אַזעלכע מאַכינאַציעס און שווינדלערייען פון די אונגאַרישע בעאַמטע, איז די צאָל פון די ארויסגעשיקטע אידן פאַרגרעסערט געוואָרן אַרום ענדע מאַי 1941, צו 50,000.

כדי קלאָרער צו מאַכען די גאַנצע לאַגע פון יענער צייט אין אונגאַרן, איז נויטיג צו דערמאָנען, אַז אונגאַרן איז געווען אַ טייל פון עסטרייך־אונגאַרן מלוכה, ביז 1918. אונגאַרן האָט ניט געהאַט קיין פולע אויטאָנאָמיע. נאָך דער ערשטער וועלט מלחמה, איז אונגאַרן געוואָרן אַ באַזונדערע מלוכה, אונגאַרן האָט פון אַלעמאָל אַרויסגעוויזן א סך טאָלעראַנץ צו די מינאָריטעטן, איבערהויפּט צו די אידן, וועלכע האָבן בייגעשטייערט אין אַ גאַר גרויסער מאָס צו דער געדייהונג (פּראָספּעריטי) פון דער עקאָנאָמיע פון לאַנד. צו איר קולטור און וויסענשאַפט. נאָכדעם ווי דער קאָמוניסטישער רעזשים אונטער בעלא קוהן איז געפאַלען, זיינען דאָרט פאָרגעקומען אַנטי אידישע עקצעסן, מען האָט באַשולדיגט די אידען אין קאָמוניסטישע סימפּאַטיעס, ווייל בעלא קוהן האָט געשטאַמט פון אידען.

אַדמיראַל האָרטי איז באַשטימט געוואָרען אימפּעריאַל אַדמיניסטראַטאָר, און ער האָט גענומען פאַרפאָלגען די אידען און די אַרבייטער קלאַס. אונגאַרן איז דאַן געוואָרן די ערשטע מלוכה וואָס האָט איינגעפירט „נומערוס־קלאַוזוס״ פאַר אידישע סטודענטן אין אונגאַרישע אוניווערזיטעטן. דער נאַצי גיפט האָט זיך שנעל פאַרשפּרייט אין אונגאַרן, וואָס האָט געבראַכט אַ גרויסען אומגליק אויף די אידען.

די נאָביליטי און די לאַנד באַזיצער האָבן געגלויבט, אַז עס וועט זיין מעגליך צופרידענצושטעלען די פאָדערונגען פון די אַרבייטער ווען מען וועט קענען פאַרטיילן צווישן זיי די אידישע האָב און גוטס ווי אויך זייער לאַנד באַזיץ, דאָס איז געווען דער הויפּט גרונד פאַר זייער סימפּאַטיע פאַר די נאַציס. דורך די יאָרען 1942—1939, זיינען

די אידען געוועז געצוואונגען אָפּצוגעבען זייער לאַנד דורך דעם געזעץ, וואָס איז געשאַפן געוואָרען הויפּטזעכליך פאַר די אידען מיט דעם נאָמען „אידענגעזעץ״

נאָך אַ קורצער צייט האָבן די אידן באדארפט אָפּגעבען די גאַנצע לאנד וואָס זיי האָבן פארמאָגט. אין 1942 האָבן די אידן אויך פארלאָרן זייערע פאַבריקען, אין יאָר 1944 אויך זייערע הייזער. און די אונגאַרישע אידן וועלכע זיינען געוועזן גאַנץ פארמעגלעך, זיינען פלוצלונג פאר־וואנדעלט געוואָרן אין בעטלערס.

צוליב זייער פריינדשאַפט וואָס די אונגארישע פאָלק האָט ארויס־געוויזן צו די נאַציס, האָט דאָס פאר זיי מעגליך געמאכט צו אָקופּירן אַ טייל פון טשעכאָסלאָוואקיע און קאַרפּאטן־רוסלאנד, איז זייער סימ־פּאַטיע און פריינדשאפט צו די נאַציס נאָך שטאַרקער געוואָרן. אַנעקסי־רענדיג פרעמדע טעראַטאָריע און פארבלענדעט פון דעם גלאַנץ פון אידיש האָב און גוטס, זיינען די אונגאַרער געוועזן גרייט זיך צו באַ־טייליגען אין דער מלחמה אויף דער זייט פון דייטשלאנד. זיי האָבן געפילט אז זיי זיינען אונטער פארפליכטונג צו די דייטשן, ווייל זיי האָבן באַרעכטיגט די אונגאַרישע תביעות אויף די פרעמדע טעריטאָ־ריעס. די אָרגאניזאציע פון „פיילקרייצלער״ האָט אויך איבערגענומען די אידעע פון אַנטיסעמיטיזם און די גאַנצע דייטשע פּראָגראם געגן אידן איז נאָכגעטאָן געוואָרן, פונקט נאָך דעם פּאַטערן פון די „ברוינע העמדלעך״. וואָס גרעסער עס איז געוואָרן היטלער׳ס דערפאָלג, אַלץ גרעסער איז געוואָרן דער איינפלוס פון דער „פיילקרייצלער״ אָר־גאַניזאַציע.

נאָכדעם ווי זיי האָבן פארנומען גאַליציע, האָבן די אונגאַרער דורכגעפירט אזאַ טייוואָלשען פּלאַן: דעם 15טען אַפּריל, 1941, זעקס אַזייגער אין דער פרי, זיינען ערשינען די גרעניץ וועכטער מיט זשאַנ־דאַרן, וועלכע זיינען געוועזן באַוואוסט פאר זייער ברוטאַליטעט און גרויזאמקייט אז מען קען זיי פארגלייכן מיט די דייטשע עס. עס. נאַציס און געסטאַפּאָ לייט. מיט געווער אין די הענט, האָבן זיי זיך אריינגעריסן אין די הייזער פון די אַלע וועלכע האָבן באַדאַרפט פארלאָזן אונגארן. די דאָזיגע אומגליקליכע האָבן געקראגן א באפעל צו זיין גרייט פאר טראַנספּאָרטאַציע אין אַ האַלבע שטונדע...

אויף אַזאַ אופן האָט זיך אָנגעהויבען די אידישע טראַגעדיע אין קאַרפּאַטן רוסלאַנד. די טראַנספּאָרטאַציע איז דורכגעפירט געוואָרן אונטער רירענדע סצענעס. די אומשטענדען וועגען די הייראַט צערעמאָ־ניעס, זיינען געוועזן שרעקליך און ווילד... עס האָט געטראָפען אַז פאַרשידענע מיטגלידער פון דער זעלבער פאַמיליע, זיינען געוועזן אונטערגעוואָרפען אונטער פאַרשידענע געזעצען. פיל הייראַטען זיינען

געוועז רעליגיעזע און ניט ציווילע. האָט פּאַסירט אַז די מוטער מיטן קינד האָט מען אַרויסגעשיקט פון לאַנד און דער פאָטער האָט געקענט בלייבן. אַנדערע פאַלן זיינען געוועזן נאָך ערגער. עס זיינען געוועזן הייראַטען וואָס זיינען דורכגעפירט געוואָרען רעליגיעז, און מיט יאָרען שפּעטער, אויך דורכגעפירט געוואָרען ציוויל. אַזאַ פאַמיליע האָט צום ביישפּיל געהאַט פינף קינדער. די ערשטע צוויי קינדער זיינען געבאָרען געוואָרען דורך דער צייט וואָס מאַן און ווייב זיינען געוועזן בלויז רעלי־גיעז פארהייראַט און די איבעריגע זיינען געוועזן שוין נאָך דער צי־ווילער הייראַט. אַזאַ פאַמיליע איז צעטיילט געוואָרען. די מוטער מיט דריי קינדער האָט געקענט פאַרבלייבען, און דער פאָטער מיט די צוויי קינדער האָבען געמוזט פאַרלאָזען דאָס לאַנד, אָדער פאַרקערט.

אַ סך אידישע לייט זיינען גערופען געוואָרען צו אַרבייטען אַלס אַרבייטס־דינסטלער אין מלחמה ביוראָס, דאָס אָבער איז ניט געוועזן קיין הילף, ווייל די באַהאַנדלונג פון זייערע פאַמיליעס איז ניט געוועזן קיין בעסערע. די פאַרפאָלגונג געגן זיי זיינען אָנגעגאנגען טראָץ דעם וואָס מען האָט זיי צוגעזאָגט שוץ...

.3

די ארויסגעשיקטע אידן האָבן געמעגט מיטנעמען מיט זיך דאָס וואָס זיי האָבן געקענט טראָגן... עס איז געווען האַרצרייסענד צו זעהן ווי אַזוי מען טרייבט אַרויס אומשולדיגע מענשן מיט זייערע פרויען און קינדער און זיי קענען גאָרניט מיטנעמען מיט זיך בלויז דאָס וואָס זיי קענען טראָגן. ווערטפולע זאַכן האָט מען קאָנפיסקירט פון זיי. אָט די דאָזיגע שענדליכע באַהאַנדלונג פון די הילפסלאָזע אומגליקליכע אידן, וועט בלייבן אַ מיאוסער פלעק אין דער געשיכטע פון אונגאַרן... וואָס פאַר אַ שוידערליכע טראַגישע בילד עס איז געווען צו זעהן ווי פיר־פינף יעריגע אומשולדיגע קינדערלעך מאַרשירן צו דער סטאַנציע מיט פעקלעך אויף זייערע פלייצקעלעך, און די גרויזאַמע זשאַנדאַרן צווינגען זיי צו געהן שנעלער...

דאָס האַרץ האָט געבלוטיגט צוצוקוקן ווי אַזוי אַ מוטער האָט גע־טראָגן איין קינד אויף אירע הענט און די אַנדערע קינדער זיינען גע־גאַנגען נעבען איר אַנהאַלטענדיג זיך אין איר קלייד. אָט אַזאַ מוטער איז געווען געצוואונגען איבערצולאָזן אַלץ אין איר היים, ווייל זי האָט ניט געקענט טראָגן קיין פעקל צוליבן קינד אויף אירע הענט... זי האָט זיך אַוועקגעלאָזן מיט אירע קינדער אין אן אומבאַוואוסטער, פינסטערער צוקונפט...

די אַרויסגעטריבענע אידן האָבן אפילו ניט געוואוסט וואוהין זיי געהען. מען האָט די אומגליקליכע קרבנות פאַרזאַמעלט אויף דער סטאַנציע און דאַן זיי פאַנאַנדערגעטיילט צו געהן אין פאַרשידענע ריכטונגען. ווען די קריסטליכע מענשן וועלכע האָבן זיך דאָרט געפונען האָבן צוגעזעהן די אוממענשליכע באַהאַנדלונג פון די אומגליקליכע האָט זיך ביי זיי דערוועקט דער חוש פון רחמנות און זיי האָבן זיך גענומען אַריינמישען און פראָטעסטירט געגען דער שענדליכער באַ־האַנדלונג, זוכנדיג זיי צו באַשיצען.

אייניגע האָבן דערקענט צווישן די אומגליקליכע זייערע שכנים, זייערע פריינד מיט וועמען זיי האָבן געהאַט גוטע, פריינדליכע באַצי־אונגען, און זיי האָבן זיך איינגעשטעלט פאַר זיי. די זשאַנדאַרמס אָבער האָבן זיי געוואָרנט ניט צו באַשיצן פרעמדע, ווייל די בירגערשאַפט פון אָט די דאָזיגע מענשן, איז ניט באַוויזן געוואָרן, און אַז זיי זיינען געוויס פוילישע וואַגאַבונדען, אַרומשלעפער און בראַדיאַגעס. די הויפּטזאַך אַז

זיי האָבן געקראָגן אַ רעגירונגס באַפעל פון בודאַפּעסט צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד.

דער איינציגער ריכטיגער אויטאָריטעט וועלכער האָט אָנגעווענדעט אָט יענע באַרבאַרישע מיטלען איז געווען דער פאָרזיצער פון דער ראַטנוגס־פאַרזאמלונג, מאגאטשי דיעז סאַנדאָר פון אונגוואר, וועלכער האָט דורך פאַרשידענע מאַכינאַציעס גע׳פּסל׳ט אַ סך פון די צייגניסן וואָס האָבן באַוויזן די בירגערשאַפט פון יענע אידן.

פאַר זיינע פאַרדינסטן, דורכפירענדיג דעם וואונש תון די נאַציס מיט פּינקטליכקייט און איפער, איז מאגאטשי באַלוינט געוואָרן פון היטלערן פערזענליך מיט הויכע אויסצייכענונגען... (אַגב האַלט זיך אויף מאגאַטשי אין לאַטין אַמעריקע).

די דאָזיגע אַקציע פון אַרויסטרייבען די אידן פון קאַרפּאַטן רוס־לאַנד, האָט געדויערט 3 חדשים. 80 פּראָצענט פון די אַרויסגעטריבענע זיינען געקומען פון דאָרט און צווישן זיי איז ניט געווען קיין איינציגער וועלכער איז געווען אַ בירגער פון אַן אַנדער לאַנד. די אַנדערע 20 פּראָצענט אַרויסגעטריבענע זיינע געווען פון פּוילען און רומעניען, און צווישן יענע זיינען געווען איניגע וועלכע האָבן אָבער געוואוינט אַ לאַנגע צייט אין אונגאַרן.

וואו נאָר אָט די דאָזיגע באַרבאַרישע טראַנספּאָרטירונג איז פאַר־געקומען, איז דאָס בילד געווען דאָס זעלבע. די אומגליקליכע קרבנות זיינען געכאַפּט געוואָרן און מען האָט זיי פאַרשפּאַרט אין וואַגאָנען פון בהמות, און זיי אָוועקגעפירט פון דאָרט, בייטענדיג שטענדיג די וואַגאָ־נען און די ריכטונגען וואוהין מען האָט זיי באַדאַרפט פירן... אַלע באַנען זיינען געגאַנגען קיין יאסינא און ווייטער קיין פּוילען, אין ראַ־יאָנען וואָס זיינען געווען אָקופּירט פון די אונגאַרען.

אַרום 15,000 זיינען געווען פון די פאַרטריבענע פון קאַרפּאַטן־רוסלאַנד, און זיי האָט מען געבראַכט קיין קאַמענעץ פּאַדאָלסק; אַן ערך אַכט טויזענט קיין טלוסט, און אַזאַ צאָל קיין נאַדוורנא; פינף טויזענט קיין וויניצא און די איבעריגע האָט מען צעשפּרייט אין אוק־ראַינע ביזן דניעפּער.

איך אַליין האָב זיך באַטייליגט טאָג און נאַכט אין ראַטעווען און באַשפּייזן ווי וויט עס איז פאַר מיר געווען מעגליך צו העלפן מיינע אומגליקליכע פאַרטריבענע לאַנדסלייט. ניט קיין לייכטע אויפגאַבע איז פאַר מיר געווען צו באַזאָרגן די דאָזיגע אָרעמע קרבנות מיט עטוואָס שפּייז... איך בין געווען צוגעפּאַסט צו אָט דער ארבייט, ווייל איך האָב געהאַט לאַנג שטעהענדע פריינדליכע פאַרבינדונגען מיט די אייזענבאַן לייט וועלכע פלעגן איבערנעמען קליינע פּעקלעך מיט שפּייז פאַר די אָרעמע וואַנדערער, וועלכע זיינען פאַרטריבן געוואָרן פון

זייערע היימען. עס איז ניט געווען גאַנץ לייכט פאַר די אייזנבאַן לייט דאָס צו טאָן, און זייער פריינדשאַפט צו מיר, האָט אַ סך געהאָלפן.

נאָך אַן אויפגאַבע וואָס איך האָט געהאַט איז געווען אויסצוגעפינען וועלכע וואַגאָנען זיינען באַשטימט געוואָרן פאַר דעפּאָרטאַציע, ווייל איך פלעג קענען אַרויסבאַקומען געהיימע אינפאָרמאציע פון די מיט וועמען איך בין געווען באַפריינדעט.

איינמאָל בין איך געווען ערפאָלגרייך אין ראַטעווען אַ טויט־טראַנספּאָרט פון זעכצען הונדערט מענשן. דאָס איז געווען אין יולי, 1941. יענע אומגליקלעכע וועמען עס האָט דערוואַרט דער זיכערער טויט זיינען געטריבן געוואָרן קיין חוסט אין אַ דאָנערשטאָג און אַ פרייטאָג פון איזאָ, האָרינטש, נאָנקעוו, קאַשעלי, סאלדאבאש, סיקעי־ניצא, ווישק און פון דער אומגעגענד. זיי האָבן געזאָלט אַנגעלאָדן ווערן אויף דעם נעקסטן טאָג אין אַ 40 וואַגאָנען פאַר בהמות. דער לאָקאָ־מאָטיוו און די מאַנשאַפט פון באַהן זיינען דערוואַרטעט געוואָרן פון אַ סטאַנציע 8 קילאָמעטער פון חוסט־קיראָלהאַזאַ.

איך בין געווען אין שטענדיגן פאַרבינדונג מיט דעם סטעישאַן מאַסטער פון יענער סטאַנציע חוסט, און איך האָב פון אים אויסגעפונען אַז אָט די באַהן וועט אָפּגעהן שבת 8 אַזייגער אין דער פרי, אין דער ריכטונג פון יאַסינאַ. איך האָב געטאָן וואָס נאָר איך האָב געקענט, און דער סטעישאַן מעסטער האָט מיר צוגעזאָגט אַז די באַהן וועט ניט אָפּגעהן פריער פון עלף אַזייגער אנשטאָט אַכט אַזייגער.

דער סטעישאַן מעסטער האָט אָנגעגעבן אַלס אויסרייד פאַרן אָפּ־לייגן, צו די העכערע בעאַמטע, אַז אַ באַהן מיט אַמוניציע דאַרף פאַרביי־געהן דורך דער ליניע וואָס איז באַשטאַנען פון בלויז רעלסן פון איין וועג. שבת, דער טאָג ווען די באַהן האָט באַדאַרפט אָפּגעהן זיינען צו מיר געקומען צוויי מיטגלידער פון דער אָרגאַניזאַציע „אַמזשאַ", משה מאָסקאָוויץ און מיין שוואָגער שמעלקע שאַלאמאַן און מיך געבעטן צו זעהן אַז מען זאָל אָפּלייגן דאָס אָפּגעהן פון די באַן ווידער אַמאָל; ווייל זיי האָבן געקראָגן נייעס פון בודאַפּעסט אַז מען ערוואַרט צוריקצורופן די גזירה יעדע מינוט.

איצט האָב איך אָנגעהויבן דעם קאַמף צו ראַטעווען מיינע ברידער. מיין ערשטער שריט איז געווען ווידער צו געהן צום סטעישאַן מעסטער, מיין אַלטן פריינד, און איך האָב אים שטאַרק געבעטן צו העלפן ראַ־טעווען די אומגליקליכע קרבנות פון אַ זיכערן טויט, אָדער פאַרלענגערן זייערע לעבענס פאַר אַ צייט . . . נאָך אַ לאַנגן בעטן האָט ער מיר צוגע־זאָגט אַז די באַהן וועט פאַרלאָזן 12 אַזייגער. דאָס איז געווען די מאַק־סימום וואָס ער האָט געקענט טאָן אונטער די אומשטענדן. וויבאַלד אַז

מען דערוואַרט אַז די שרעקליכע גזירה קען צוריקגעצויגן ווערן צו יעדער מינוט, איז דאָס אַליין שוין געווען אַ געווינס.

דערווייל זיינע די אומגליקליכע געוואָרן אומגעדולדיג און נערוועזיש און ניט וויסענדיג אַז די אונגאַרער האָבן שוין איבערגענומען די מעטאָדן פון די נאַציס, האָבן שוין געוואָלט אַפּפאָרן פון דאָרט און מיך געבעטן איך זאָל ניט צוריקהאַלטען דאָס אָפּפאָרן... ווען די צייט האָט זיך גענומען דערנעהנטערן און קיין נייעס איז נאָך אַלץ ניט געקומען, האָב איך ווידערהאָלט מיין פאַרלאַנג פאַר נאָך אַ פאַרלענגערונג, אָבער דער סטעישאָן מעסטער האָט עס מיר ניט געקענט געבען. איינער פון די ערשטע געהילפן פון סטעישאָן מעסטער, וועלכער האָט מיך גוט געקענט און ער איז ניט געווען געוואוינט מיך צו זעהן אויפן סטעישאָן אום שבת, האָט מיך געפרעגט, ווי איך קום היינט אין מיין שבת, אַהער?

— ניין מיין פריינד — האָב איך זיך צו אים אָנגערופן — איך האָב מורא אַז דו וועסט מיר ניט קענען העלפן, כאָטש דאָס איז אַ פראַגע פון לעבען און טויט... ער האָט מיך שוין ניט אָפּגעלאָזט און איך האָב אים אַלץ דערציילט.

הער שטערן! — זאָגט ער צו מיר — קריג פאַר מיר אַ קילאָגראַם קוקורוזע, ווייל איך וויל געהן כאַפּן פיש. איך זאָג דיר צו אַז איך וועל אָפּלייגן דעם אָפּגעהן פון דער באַהן און דו וועסט מער ניט דאַרפן געהן צום סטעישאָן מעסטער.

איך האָב אים צוגעזאָגט צוצושטעלן דאָס וואָס ער האָט פאַרלאַנגט. איצט האָב איך דערוואַרט מיט נייגיר און שפּאַנונג דעם רעזולטאַט פון דעם אַרויסהעלפער. איך האָב דערוואַרט אַז ער זאָל האַלטן זיין וואָרט. דורך דער צייט וואָס דער סטעישאָן מעסטער איז אַוועק עסן מיטאָג, און זיין געהילף איז געבליבן אַליין אויף דער סטאַנציע, האָט ער געאָרדערט אָפּצושטעלן די באַהן מיט דעם אויסרייד אַז מיליטערישע באַהנען דאַרפן דורכגעהן אויף דער ליניע. אויף אַזאַ אופן איז דער צוג אָפּגעשטעלט געוואָרן ביז מיטנאַכט. דער צוג איז אָנגעקומען קיין יאַסי־נא דעם נעקסטן טאָג.

עס איז געווען זונטאָג, צוויי אַזייגער נאָך מיטאָג, 2 שעה נאָך דער אָפּשטעלונג פון דער דעפּאָרטאַציע פון קאַרפּאַטן רוסלאַנד. איך בין געווען ערשעפּט און אַזוי מיד, אַז איך בין אַריינגעפאַלן אין בעט. דאַן האָב איך געקראָגן די נייעס אַז די טראַנספּאָרטירטע אידן זיינען אומגעקערט געוואָרן אַהיים... פאַר פיל פון זיי האָב איך פאַרשאַפט דאָקומענטען.

די דאָזיגע אידן וועלכע זיינען פאַרטריבן געוואָרן קיין אוקראַינע זיינען פריינדליך אויפגענומען געוואָרן ביי די דאָרטיגע אידישע איינוואוינער.

דעם 28סטען אויגוסט, 1941 איז געקומען דער ערשטער שוידער־ליכער אומגליק וואָס האָט געטראָפן די אידן וועלכע זיינען פון קאַרפּאַטן רוסלאַנד געקומען קיין קאַמענעץ פּאָדאָלסק. די דייטשע מיליטערישע אויטאָריטעטן האָבן אַרויסגעגעבן אַ באַפעל אַז אַלע אידן וועלכע קומען פון קאַרפּאַטן־רוסלאַנד און אונגאַרן, דאַרפן זיך פאַרזאַמלען אין אַ געוויסן פּלאַץ, הינטער דער שטאָט. די אורזאך פון דעם איז — האָט מען אָנגעגעבן — אַז מען וועט יעדן איינעם אַרויסגעבן אַ סערטיפיקאַט. מען האָט זיי געהייסן קומען מיט זייערע פרויען און קינדער.

די אַלטע איינוואוינער פון דאָרט האָבן געוואָרענט די פליכטלינגע, זייערע ברידער, ניט צו געהן אַהין, ווייל מען טאָר ניט געטרויען די דייטשען און די אונגאַרן וועלכע האָבן אָנגענומען די נאַצי מעטאָדן. אָבער די אומגליקליכע פליכטלינגע, וועלכע האָבן געוואוסט אַז זיי זיינען געווען די קרבנות פון שרעקליכע אומגערעכטיגקייטן, זיינען געווען זיכער אַז די רעגירונג זוכט עס גוט צו מאַכן, זיינען זיי געקומען.

ווען די 15,000 טויזענט פליטים האָבן זיך פאַרזאַמעלט אויף יענעם פּלאַץ, האָבן די נאַציס זיי געהייסן זיך אויסשטעלן אין אַ ריי ווי אין אַ מיליטערישע פאָרמאַציע. די אומגליקליכע האָבן אַזוי געטאָן. מיט אַמאָל האָבן די ברוין־העמדלדיגע מערדער אָנגעהויבען שיסן מיט מאַשין ביק־סען אין דער מאַסע מענשן, אויף זייערע פרויען און אויף זייערע קינ־דער. נאָך אַ צוויי שטונדיגער אויסשלאַכטונג, וואָס איז נאָך ניט געהערט געוואָרן אין דער געשיכטע פון דער מענשהייט, האָבן די דייטשע בעס־טיעס געהייסן זייערע אוקראַאינישע אַרויסהעלפער צו באַגראָבן די קער־פערס פון די הרוגים . . . צו פאַרדעקן די גראָבענס מיט ערד און שטיי־נער. אַ סך פון די געשאָסענע זיינען בלויז פאַרוואונדעט געוואָרן, און מען האָט זיי באַגראָבן לעבעדיגערהייט . . . אייניגע וועלכע זיינען בלויז לייכט פאַרוואונדעט געוואָרן האָבן באַוויזן אַראָפּצושאַרן פון זיך די ערד און אַנטלאָפן געוואָרן.

היטלער׳ס תליונים האָבן געהייסן אַריבערגעהן די פרישע קברים מיט טאַנקען צו פאַרענדיגן די שוידערליכע בעסטיאַלישע אַרבייט. . . . יענער טאָג אין אויגוסט איז באַשטימט געוואָרן אַלס טאָג פון טרויער פאַר די קדושים וועלכע זיינען אומגעקומען על קידוש השם. אויף אַ טייל ערטער האָט מען באַמערקט, צוויי טעג נאָכדעם ווי מען האָט זיי באַשאָטן, אַז די ערד באַוועגט זיך . .

דעם זעלבן טרויעריגן גורל איז באַפאַלן די דאָזיגע אידן וועלכע זיינען געקומען פון קאַרפּאַטן־רוסלאַנד, אין וויניצע, נאַדווערנע אויך זיי זיינען אויסגעשאָסן געוואָרן דורך די נאַצי בעסטיעס., בלויז פון טלוסט איז געלונגען פאַר אייניגע הונדערט זיך צו ראַטעווען און צוריק

צו קומען קיין אונגארן. אַ סך, אָבער זיינען געכאַפּט געוואָרן ביים גרע־ניץ, און אומגעבראַכט געוואָרן.

שפּעטער האָט מען אויסגעפונען אַז אפילו די אונגאַרישע זעלנער פון 10טען פראַנטיער רעגימענט ביי טארען און די אונגאַרישע זשאַנ־דאַרמס ביי בילינא נעבן יאַסינא, האָבן זיך אויך באַטייליגט אין אויס־שיסן די אידישע פליכטלינגע. די מערדער האָבן אָװעקגערויבט פון די טויטע קערפּערס די בגדים, שיך און אַלץ וואָס זיי האָבן געפונען ביי זיי, און זיי האָבן דאָס פאַרקויפט. פיעל זאַכן וואָס מען האָט שפּעטער געפונען ביי אַנדערע מענשן, האָבן באַוויזן אַז די אייגענטימער פון יענע זאַכן זיינען אויסגעמאָרדעט געוואָרן ביי די אונגאַרישע סאָלדאַטן. ניט נאָר האָבן די אונגאַרער באַשטראָפט די פליכטלינגע נאָר אויך די וועל־כע האָבן געהאָלפן די אומגליקליכע געבענדיג זיי שפּייז און אַן אָפּ־דאַך..

איך בין געוועזן איינער פון די העלפער, און איך ווייס דאָס אַלץ פון מיין אייגענער ערפאַרונג. די אַרויסהעלפער וועלכע זיינען גע־כאַפּט געוואָרען, זיינען באַשטראָפט געוואָרען.

.4

אַרום ענדע יאָר פון 1942 עטליכע חדשים נאָך דעם אָפּמאַך מיט יוגאָסלאַוויע וועגען אן „אייביגען" שלום צווישען אונגאַרן און יוגאָסלאַוויע, האָט די אונגאַרישע אַרמעע אויף דער אָרדער פון היטלער׳ן, אַטאַקירט יוגאָסלאַוויע. נאָך דער אָקופּאַציע פון נאָווי סאַדי, האָט דער קוירנעל זאָלדי מיט דער צושטימונג פון זיין הויפּט, גענעראַל פּעהעראלמי, געמאכט אַ שוידערליכע בלוט באָד, אין עס זיינען געווען צוויי טויזענט אידישע קרבנות און דריי טויזענט קראָאטן.

איין פּראָסטיגע נאַכט איז געווען קאַטאַסטראָפאַל פאַר די אידישע מאַרטירער: 2000 מענער, פרויען און קינדער, זיינען אַרויסגעשלעפּט געוואָרען פון זייערע וואַרעמע בעטן און היימען און זיינען געטריבן געוואָרן צום פאַרפראָרענעם טייך. אין דעם אייז וואָס האָט באַדעקט דעם טייך, האָבן זיי אויסגעהאַקט אַ גרויסען לאָך, און זיי האָבען אַהין אַריינגעשטופּט אַלע אומגליקליכע, וועלכע זיינען דערטרונקען געוואָרען אין די אייז קאַלטע וואַסער פון טייך. אָט דעם דאָזיגען גרויזאַמען טאָט זיינען באַגאַנגען די זעלבע אונגאַרישע קוירנעל זאָלדי און גענעראַל פּעהערהאַלמי...

אמת, די מיליטערישע אויטאָריטעטען האָבען כלומר׳שט גע־אָרדעט א דיסציפּלינאַרישע אונטערזוכונג. אָבער עס איז בלויז געווען אַ פּרעטענזע. מען האָט געגעבען די צוויי שוידערליכע בעס־טיעס אַ געלעגענהייט צו אַנטלויפען קיין דייטשלאנד. שפּעטער האָבען זיך די 2 אונגאַרישע אָפיצירן צוריקגעקערט ווי באַרימטע נאַציאָנאַלע העלדן, זיי זיינען רעהאַביליטירט געוואָרן און האָבן געקראָגן אן אויס־צייכענונג פון היטלער׳ן פאר זייער דינסט וואָס זיי האָבען געלייסטעט צו דייטשלאנד, עס האָט ניט אויסגעמאכט וואָס זיי האָבען געהאט אויף זייער געוויסען פינף טויזענט טויטע קרבנות, 2,000 אידן און 3,000 סערבען.

ווען דייטשלאַנד האָט אָקופּירט אונגאַרן אין 1944 זיינען די בירגער געווען איבעראַשט; זיי האָבען ניט געקענט גלויבען אַז אונגאַרן וואָס איז געווען אַ געטרייע פאַרבינדעטע צו דייטשלאנד, זאָל טיילען דעם זעלבען גורל ווי אַלע אנדערע אָפּגענאַרטע לענדער... היטלער האָט געשיקט נאָך האָרטי׳ן צו קומען צו זיין הויפּטקוואַר־

טיר אין בערלין, ווי ער האָט עס געטאָן מיט אייניגע יאָר צוריק מיט דר. האַכא, דעם פּרעזידענט פון טשעכאָסלאָוואַקיע, צו געבן זיין האַנדלונג אַ געזעצליכע סטאַטוס. האָרטהי האָט זיך אונטערגעשריבען, און דערוויל האָבען די דייטשע ארמייען ארייננעמאַרשירט קיין אונגאַרן פון דריי זייטען: פון דער עסטרייכער זייט, פון דער סלאָ־וואַקישער זייט און פון יוגאָסלאַוויע׳שער זייט.

די רעגירונג אין בודאַפּעסט האָבען איבערגענומען די פּירער פון די „פּיילקרייצלערס״. ראַץ און אינערן מיניסטער ענדרע לאסלוי, זיי האָבן דורכגעפירט די גאַנצע נאַצי פּראָגראַם פון פאַרטיליגען די אידען. די דאָזיגע רעגירונג האָט ניט פאַרדייטיגט זייערע אידן ווי די אַנדערע אָקופּירטע לענדער האָבען געטאָן, ווי צום ביישפּיל די סלאָוואַקען, וועלכע האָבען מיט אַ כיוון פאַרצויגען דאָס דעפּאָרטירען פון די אידען. פּונקט פאַרקערט, די אונגארער האָבען געוויל קאָמט די דייט־שען מיט אָפענע אָרעמס און גלייך איבערגעגעבען די אידען אין די הענט פון די דייטשע מערדער. צו צייגען זייער לאָיאַלטעט צו היטלער׳ן האָבען די אונגארישע פּייל און קרייץ באַנדיטען, נאָך געוואָלט איבערשטייגען זייערע אויבער האַרן. אין אַנדערע אָקופּירטע לענדער האָבען די רעגירונגען פאַרלאַנגט פון 3 ביז 5 יאָר צייט, צו ליקווידירען די אידען, אָבער פאַר די אונגאַרער זיינען געווען געגנוג דריי חדשים. אין יענער צייט האָבען די אונגאַרער איבערגעגעבן אין די הענט פון די נאַצי בעסטיעס זעקס הונדערט און פופציג טוי־זענט אידן, און די אונגאַרישע רעגירונג איז אינגאַנצען פאַראַנט־וואָרטליך פאַר דער אויסמאָרדונג פון יענע אידען.

די אונגאַרישע רעגירונג איז אויך פאַראַנטוואָרטליך פאַר דער אויסמאָרדונג פון 50.000 אידען פון די מערדערליכע הענט פון די אונגאַרישע אָפיצערן און פון די מיטגלידער פון פּייל קרייצלעריי פּאַרטיי, אין די קעמפּס פון די געצוואונגענע ארבייטסדינסטלער.

די אויפגאַבע פון די דאָזיגע געצוואונגענע אַרבייטער איז געווען צו גראָבען טרענטשעס, טועדיג זייער אַרבייט, זיינען די שקלאַפען אַרבייטער געווען צווישען צוויי פייערן; פון פאָרענט האָבען די אַטאַקירענדע רוסען געשאָסען און פון הינטען האָבען די אונגאַרער און די נאַציס געשאָסען .. זיי האָבען אויך געצוואונגען די שקלאַפען ארבייטער אָפּצוראַמען די מינעס, און פיל פון זיי זיינען צעריסן געוואָרן פון די אויפרייסענדע מינעס.

ווען עס האָט אויסגעבראָכען אַן עפּידעמיע האָבען זיי אויסגעשאָ־סען די קראַנקע. אין דאָראַציע דאָווידקא, נעבן קיעוו האָבען זיי אונ־טערגעצונדען אַ האָספּיטאַל פול מיט פאַציענטען, און די וועלכע

וואָס האָבען געמאַכט אַ פּאַרזוך זיך צו ראַטעווען, זיינען דערשאָסען געוואָרען פון די אונגאַרישע קעמפּ גאַרדס. אויף אַזאַ אופן האָבען טויזענטער אידישע געצוואונגענע אַרבייטער פאַרלאָרען זייערע לעבנס.

איינמאָל האָבען די מיטגלידער פון פייל און קרייץ פּאַרטיי געוואָלט צוגרייטען פאַר זייערע דייטשע קאָלעגען אַזעלטענע אונטערהאַלטונג. זיי האָבען גענומען אַ צאָל אידישע שקלאַפען אַרבייטער זיי אַרויפגעזעצט אויף אַ שיף אויפן טייך דניעפּער מיט אַ פאַלשען רעפּאָרט צו זייערע קאָמעראַדען, זיי האָבן מאַנעוורירט אזוי, אז די שיף האָט זיך איבערגעקערט אין מיטן דניעפּער, און אַלע זיינען דערטרונקען געוואָרען, און די וועלכע האָבען געמאַכט אַ פּאַרזוך זיך צו ראַטעווען, זיינען דערשאָסען געוואָרען.

כמעט אַלע אידישע שקלאַפען אַרבייטער וועלכע זיינען אָנגעקומען צו דער אַרבייט אין גוטע וואַרעמע בגדים, זיינען אויסגעשטאָרבען פון קעלט ווייל מען האָט זיי באַרויבט פון זייערע וואַרעמע קליידער און זיי זיינען פאַרפראָרען געוואָרען אין פראָסטיגען ווינטער פון אוקראינע וואוהין מען האָט זיי געשיקט צו דער אַרבייט.

אין יענער צייט האָבען די אונגאַרישע חיילות געמאַכט איבערפאַלען איבער די אוקראַינישע דערפער און שטעטלעך מיטן אויסרייד אַז זיי באַהאַלטען צווישען זיך „פּאַרטיזאַנען". די אונגאַרער האָבען דאָס גערופען דאָס סקרוטיניוס, דאָס אונטערזוכען. דאָס האָט זיי געגעבען אן אויסרייד אויסצומאָרדען די גאַנצע באַפעלקערונג און צו קאָנפיסקירען זייערע בהמות און זייערע פאַרמעגענס.

דעם 4טן אַפּריל 1944, האָבן די דייטשע אָקופּאַנטען דורך דער אונגאַרישער רעגירונג ארויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז אַלע אידן און אַפילו אַזעלכע וועלכע זיינען ערקלערט געוואָרן אַלס אידן, לויט די נירענבערגער געזעצען, מוזען טראָגן א „מגן דוד" אויף דער לינקער ברוסט אין דער זעלבער גזירה איז געזאָגט געוואָרן אז אלע אידן דאַרפען זיך קאָנצענטרירן אין גהעטאָס, אונטער דער פּראָטעקציע פון דער דייטשער אימפּעריע, אונטער וועלכער די אידן זיינען געשטעלט געוואָרן.

דעם 16טען אַפּריל 1944, זיינען אַלע אידישע וואוינונגען פון חוסט אויסגעליידיגט געוואָרן, אין יענעם טייל וואו די גהעטאָ האָט געזאָלט עטאַבילירט ווערן. די איינוואוינער פון יענע וואוינונגען האָבן באַדאַרפט געהן צו זייער טעמפּעל און דאָרט פאַרבלייבן פאַר עטליכע טעג, אונטער א שטאַרקער מיליטערישער אויפזיכט, און זיי האָבן ניט געטאָרט פאַרלאָזן דעם פּלאַץ. ווען זיי זיינען ענדליך געקומען צוריק צו זייערע וואוינונגען, האָבן זיי געפונען אויסגעראַבירטע הייזער. וואוינונגען וואָס זיינען געווען גענוג פאַר דריי־פיר פּערזאָן האָט מען אריינגעשפּאַרט

דאָרט פון 30 ביז 50 פּערזאָן, וועלכע האָבן זיך אויפגעהאלטן אונטער די ערגסטע סאַניטאַרישע באַדינגונגען.

איך האָב געטיילט דעם זעלבן גורל. מיין משפּחה איז באַשטאַנען פון מיין פרוי תחי׳ און פינף קינדער. איך האָב פאַרלאָרן מיין גאַנצן פאַרמעגן, וואָס איך האָב זיך ערוואָרבן דורך שווערע ארבייט. אין משך פון דריי טעג בין איך פארוואנדעלט געוואָרן אין א בעטלער... און הלוואַי וואָלט דאָס געווען מיין גאנצער שאָדען, ווייל שפּעטער האָב איך פארלאָרן אויך מיינע קינדער... — אלע אונגאַרישע אידן האָבן געהאַט דעם זעלבן גורל.

פארשטעהט זיך אז די טעמפּלען זיינען פארשוועכט געוואָרן, ווייל קיינער האָט ניט געטאָרט ארויסגעהן און מענשן, איבערהויפּט קינדער, זיינען געווען געצוואונגען זיך „אויפצופירן ווי אין דער היים״...

שפּעטער, האָבן די אונגאַרער און די דייטשען גענוצט די טעמפּלען צו האַלטן דאָרט די אָנגעראַבירטע סחורות און פאַרמעגענס פון די אידן.

## 5.

אין אונגארן אזיו ווי אין פוילין זיינען געשאפן געוואָרן די אזוי גערופענע „אידישע קאונסילס" (יודנראט), וואָס האָבן באַדאַרפט דורכ־פירן די באַפעלן וואָס די דייטשע באַנדיטן האָבן ארויסגעגעבן. אין אלגעמיין האָבן אָט די דאָזיגע אידישע קאונסילס דורכגעפירט זייערע פליכטן ריכטיג און ערליך. זיי זיינען ניט געווען צו איבערגעשפיצט בייצוקומען די כיטרעקייט פון די דייטשע קרימינאַלען. אין מערסטע פאַלן זיינען זיי געווען איינפאַכע צעשראָקענע מענשן, וועלכע האָבן גאָרניט געקענט העלפן זייערע אומגליקליכע ברידער וועלכע זיינען פארמ'משפט געוואָרן צום טויט...

אין גאַנצען אַנדערש איז געווען די האַנדלונג פון דעם אידישן העכסטן קאונסיל אַדמיניסטראַציע אין בודאַפעסט, אַנשטאָט צו וואָרענען די פראָווינציעלע און קאַרפאטן רוסישע אידן, ווי אויך שפּעטער פארן אנדערן טייל אידן פון אונגארן, וועגן די געפאר וואָס רוקט זיך אָן אויף זיי, האָבן זיי זיך באַמיהט זיי צו באַרוהיגן און צו פארדעקן די ערנסטקייט פון דער לאגע. זיי האָבן געזאָגט די אידן אז דעפּאָרטאַציע פון לאנד קומט אפילו ניט אין אָנבעטראכט, אז מען וועט זיי בלויז קאָנצענטרירן אין לאנד גופא און די וועלכע וועלן דעפּאָרטירט ווערן, וועט עס זיין בלויז צו די צוואַנגס ארבייטס לאַגערן אין זייער אייגן לאנד... אפילו ווען מען האָט איבערגעשיקט די קאַרפאטן רוסישע אידן קיין פוילין, האָט דער בודאפעסטער קאונסיל דאָס אויך פריער ניט געזאָגט די אונגאַרישע אידן, מען האָט זיי אפילו ניט געזאָגט אז זייערע לעבענס זיינען אין געפאר, ווייל א דעפּאָרטאַציע קיין פוילין האָט שוין געדראָהט טויט... מען האָט זיי אפילו קיין געלעגענהייט ניט געגעבן זיך צו ראטעווען, ווי זיי וואָלטן געקענט, וויסענדיג אז זיי האָבן ניט וואָס צו פארלירן...

איך באַשולדיג דעם קאונסיל פון בודאפעסט, ווייל איך ווייס, אז ווען זיי וואָלטן געוואָלט מאַכן באַמיאונגען, וואָלטן זיי געקענט אונטער־קויפן מיט גרויסע סומען געלט די העכערע דייטשע בעאמטע, צו פארקוקן דעם אָרדער פון דעפּאָרטאַציע, אָדער לכל הפּחות אָפּצולייגן. עס איז באוואוסט אז אין אינדיווידועלע פאַלן, לויט ווי איך בין אינפאָרמירט געוואָרן, מען דערציילט, אז פלוצלונג האָט מען צווישן די אלע וועלכע זיינען באַשטימט געוואָרן פאר דעפּאָרטאַציע, גענומען

זוכן א אידן מיטן נאָמען אולמאַן, וועלכער האָט, דורך א געהיימען באַפעל באַדאַרפט אָפּגעטיילט ווערן פון יענעם טראַנספּאָרט... אין יענער צייט איז דאָס שוין קיין סוד ניט געווען, אַז אָט יענער אולמאַן איז געראַטעוועט געוואָרן דורך דער אריינמישונג פון דעם אידישן קאָנסיל פון בודאַפּעסט דורכ שוחד (גרעפט). דאָס באַווייזט אז עס איז געווען מעגליך פאַר דעם אידישן קאָנסיל פון בודאַפּעסט אָפּצושטעלן, אָדער אמווייניגסטן אָפּצולייגן די טראַנספּאָרטאַציע, יזון אויף אַזאַ אופן ראַטעווען א סך פון אונזערע ברידער פון א זיכערן טויט... און ווייבאַלד דער קאָנסיל האָט עס נישט געטאָן, וועט אויף זיי בלייבן א שאַנד פלעק אויף אייביג...

עס זיינען געווען א סך קריסטליכע בירגער פון אונגאַרן, וועלכע האָבן פּרובירט העלפן זייערע אידישע לאַנדסלייט, מיט געבן זיי שפּייז און אפילו געלט, כדי צו קענען באַצאָלן די געלט שטראָפן, וואָס עס איז אויף די אידן אַרויפגעלייגט געוואָרן מצד די דייטשן, און זיי האָבן ניט געהאַט מיט וואָס צו באַצאָלן. באַלד אָבער האָט די רעגירונג פון אונגאַרן אַרויסגעגעבן אַ פּראָקלאַמאַציע אין וואָס מען האָט גע־לאָזט וויסן אַלע בירגער פון אונגאַרן, אַז עס איז פאַרבאָטן צו געבן וואָס פאַר א הילף עס איז צו די אידן. די דאָזיגע פּראָקלאַמאַציע רופט צו האָסן די אידן, האָט זיך געלייענט טיילווייז ווי פאָלגט:

„ווערט ניט פאַרפירט פון פאַלשע הומאַניטאַרע געפילן, גלויבענדיג אַז איר האָט עפּעס צו טאָן מיט הומאַנישע באַשעפענישן, אין דער אמת׳ן זיינען די אידן מיטגלידער פון דער פּלוטאָקראַטישער גזעזל־שאַפט, זיי זיינען קאָמוניסטן, אַנגלאָ־אַמעריקאַנער אַגענטען, און זיי זיינען אַזעלכע עלעמענטן וועלכע גרייטן צו דעם באָדן פאַר די רוסן און פאַר די אַליאירטע. דער וועלכער שטיצט די אידן איז ווי ער וואָלט געשטיצט דעם שונא און יענער וועט שטאַרק באַשטראָפט ווערן”...

פאַרשטעהט זיך אַז נאָך אָט אַזאַ פּראָקלאַמאַציע, האָט זיך יעדער איינער, ווי נאָבל און גוטהאַרציק ער איז געווען, געשראָקען זיך, דאָס ווייטער צו טאָן. דאָס האָט נאָך מער פאַרערגערט די לאַגע פון די אידן אין די גהעטאָס...

דער צושטאַנד אָבער האָט לאַנג ניט געדויערט, ווייל אין אַ קורצער צייט אַרום, האָט מען עוואַקואירט די גהעטאָס און דעפּאָר־טעט די אידן קיין פּוילין.

איידער מען האָט אַרויסגעשיקט די אידן, האָבן געהיימע אַגענטן פון בודאַפּעסט, עטאַבּילירט א מין „דעטעקטיוו קאַמער” אויסצופאָרשן ביי וועמען עס איז פון די וועלכע דאַרפן דעפּאָרטירט ווערן, האָט ערגעץ באַהאַלטן געלט, צירונג, אָדער אַנדערע ווערטהפולע אַרטיקלען. די

דאָזיגע אידן וועלכע האָבן געזאָלט זיין פון רייכערן קלאַס, זיינען גע־רופן געוואָרן און אויסגעפרעגט געוואָרן. מען האָט זיי אָנגעטאָן אלער־ליי עינויים. מען האָט זיי אזוי שרעקליך געפּייניגט, ווי אין דער אינקוויזיציע פון שפּאַניען. אין אראדע מארע, בין איך געווען אן עדות צו אזעלכע פּיינונגען, וואָס די דאָזיגע באַנדיטן האָבן זיך באַ־נוצט אין דרעהער׳ס ביער ברויעריי, איך האָב געזעהן ווי אזוי מען האָט אייניגע פון זיי פאַרפּייניגט צום טויט.

די אידן פון אָט דעם קליינעם לאנד קארפּאטא־רוסלאנד, זיינען אָמערסטן געווען אָרעם, און זיינען געווען שמחים בחלקם, צופרידן מיט וואָס זיי האָבן געהאט. זיי זיינען ערצויגן געוואָרן אין רעליגיעזן זין. זיי זיינען אָלע געווען פרום, או זיי האָבן געארבייט זעהר שווער צו פאַרדינען זייער שטיקל ברויט אויף פאַרשידענע געביטן: זיי זיינען געווען בעלי־מלאכות, קליינע הענדלער, שניידער, שוסטער, שמידן, טרעגער פורמאנעס און פארמערס. א סך פון זיי זיינען געווען גוטע מעכאַניקער, וועלכע זיינען געווען אָנגעשטעלט ביי קריסטליכע בירגער.

די אידן האָבן דאָרט געלעבט זעהר באַשיידן, און זיינען געווען באַרימט פאר זייער גאסטפריינדליכקייט. זיי האָבן געלעבט אין פרידן און פריינדליכקייט מיט די קריסטן, און דאָרט זיינען ניט געווען קיין אידישע פּראָבלעמען... אָבער דאָס אלץ האָט גאָרניט געהאָלפן, ווען אָט דאָס דאָזיגע קליין לאנד איז פארכאַפּט געוואָרן פון די גרעסטע פאַרברעכער אין דער וועלט געשיכטע, וועלכע האָבן דורך די אידן געשטילט זייער בלוטדורשטיקייט. ניט נאָר האָבן זיי בארויט און חרוב געמאכט דאָס גאנצע לאנד, נאָר זיי האָבן אויך אויסגעמאָרדעט כמעט די גאנצע אידישע באַפעלקערונג אויף דעם גרויזאמסטן אופן. איידער מען האָט זיי ארויסגעשיקט, האָבן די אונגארישע בעאַמטע, ווי אויך די ע.ס. באנדיטן, געגעבן זייער ערן וואָרט, פארזיכערנדיג, אז אָלע עוואקואירטע אידן וועלן פארבלייבן אין לאנד, אין אונגארן, און אז די וועלכע קענען ארבייטן וועלן דארפן ארבייטן און די עלטערע וועלן אכטונג געבן אויף די קינדער פון די ארבעטער.

אָבער די „פייל־קרייצלער״ לייט פּונקט ווי די נאַציס, האָבן ניט געהאלטן קיין וואָרט. ווי שרעקליך טרויעריג און האַרצרייסענד זיינען געווען די סצענעס ווען מען האָט זיי געהאַלטן ביים אַוועקשיקן, די אומ־גליקליכע, טראַגישע אידן, האָבן זיך ניט לייכט געקענט שיידן מיט זייער היימלאנד, מיט זייערע היימען און פון פיל אַנדערע זאכן, וואָס זיי האָבן גע׳ירש׳נט פון זייערע אור עלטערן. פיל פון זיי זיינען ארונטער פון זינען און א סך זיינען באַגאַנגען זעלבסמאָרד רח״ל.

מען האָט זיך ניט גערעכענט מיט אלטע לייט, מענער און פרויען און קינדער און אפילו מיט שוואַנגערע פרויען...



אַ גרופּע מענער, פרויען און קינדער ווערען אריינגעטריבען
אין אַ נאַצישען מאָרד־לאַגער.

יעדן טאָג האָט מען פאַרשפּאַרט 3,000 אידן אין א צוג, צו הונדערט אין יעדן וואַגאָן. איידער מען האָט געצוואונגען אריינצוגיין אין צוג האָט מען די אומגליקליכע גוט אונטערזוכט צי זיי האָבן ניט מיט זיך באַהאַלטן ווערטפולע חפצים. אפילו פרויען און מיידלעך האָט מען אויסגעטאָן אינגאַנצען נאַקעט און געזוכט... מען האָט אַלעמען באַהאַנדעלט מיט ברוטאַליטעט און גרויזאַמקייט... ווען די ס. עס. באַנדיטן האָבן געמאַכט אַן אינספּעקציע פלעגן זיי אַריינטרייבן זייערע אויטאָמאָבילן אין די מאַסן מענטשן כדי צו פאַרגרעסערן די פּאַניקע. די פרויען און קינדער זיינען געוואָרן היסטעריש. די קראַנקע האָבן גע־קרעכצט, אָבער דאָס אַלץ האָט ניט גערירט די נאַצי מערדערישע הערצער, אויב זיי האָבן געהאַט עפּעס אזוינס...

די „פייל און קרייץ" לייט האָבן אויך מאָביליזירט יונגע שקצים'לעך צו העלפן זיי פייניגען די אידן. יעדער איינער וועלכער האָט געהאַט באַהאַלטן קאָסטבאַרע אַרטיקלען איז געצוואונגען געווען צו ברענגען דאָס צו זיי, צוזאָגנדיג אַז מען וועט אים דערפאַר באַהאַנדלען מיט איינזע־העניש, אָבער ווען זיי האָבן אַרויסבאַקומען דאָס וואָס זיי האָבן גע־וואָלט, האָבן זיי יענע גלייך דערשאָסן... אַט אַזאַ גורל איז באַפאַלן מיין לאַנדסמאַן ווינקלער, וועמען די אונגאַרישע זשאַנדאַרמען האָבן דערשאָסן...

פאַרשפּאַרט ווי בהמות אין די וואַגאָנען, מיט בלויז ברויט און אַן עמער וואַסער פאַר אַ צאָל מענשן, קען מען זיך פאָרשטעלן וואָס דאָרט איז געשעהן. מענער, פרויען, אינגלעך, מיידלעך צוזאַמענגעקוועטשט. מען האָט באַדאַרפט טאָן די באַדערפנישן, האָט מען באַשטימט איין ווינקעל און מען האָט עס פאַרהאַנגען מיט אַ מאַנטעל... דער געשטאַנק איז געווען אומדערטרעגלעך, ווען איין איד האָט געוואָלט ארויסגיסן אַן עמער מיט שמוץ, האָט אים אַ שטורם טרופּער אויף אַן אָרט דערשאָסן. דער קרבן איז געווען אַ פאָטער פון קינדער און דער מאָרד איז באַ־גאַנגען געוואָרן פאַר די אויגן פון זיין פרוי און קינדער. דער טויטער קערפּער איז געבליבן ליגן צווישן דער צוזאַמענגעדריקטער מאַסע...

פאַר אַ לאַנגער צייט האָבן מיר געהאָפּט אַז מען וועט אונז ארונ־טערלאָזן ערגעץ אין אונגאַרן, און מיר זיינען שטאַרק ענטוישט געוואָרן ווען מיר האָבן זיך געפונען אין קאָשיצע און אויסגעפונען אַז מיר פאָהרען אין די ריכטונג פון פּוילען. דער צוג איז געפאָרן לאַנגזאַם, און קיינער איז ניט ערלויבט געווען אַרויסצוקוקן דורך די גראַטעס פון פענסטער. מען האָט אָנגעזאָגט אַז דער וועלכע וועט עס טאָן וועט דערשאָסן ווערן...

די לאַגע פון די צונויפגעקוועטשטע מענער, פרויען און קינדער איז געוואָרן אונערטרעגליך. די געוויינען, דאָס קרעכצען פון די אַלטע און קראַנקע זיינען געווען שוידערליך. די לופט האָט געשטונקען אַז עס איז געווען אומעגליך צו אָטעמען. מענשן האָבן גע׳חלש׳ט עס איז ניט געווען קיין דאָקטאָר, קיינע מעדיצין. אַ פרוי איז געגאַנגען צו קינד און מען האָט זי געלאָזט אויסגייען אין אירע געבורטסוועהען...

אָט די דאָזיגע באַהאַנדלונג האָט אונז אַלעמען געגעבען אַ פאָרגע־פיל וואָס אונז ערוואַרטעט אין פּוילען. ניט נאָר האָבן די אַלטע און קראַנקע געזאָגט ווידוי, נאָר אפילו די יונגע און געזונטע, האָבען געזען דעם טויט פאַר די אויגן..

.6

דער צוג האָט זיך דערווייל דערנעהנטערט צו אוישוויץ. ווען איך שרייב דאָס וואָרט „א ו י ש ו ו י ץ" הויבן אָן מיר ציטערן מיינע הענט. ווען איך טראַכט פון די ענדלאָזע יסורים, ליידן און פּייניגונגען און דעם טויט דאָרט פון מיליאָנען אידן צווישן וועמען עס האָבן זיך געפונען, מיינע פינף יונגענקע, בליענדע קינדערלעך, און מיינע זיבן ברידער און שוועסטער, וועלכע זיינען דאָרט דערמאָרדעט געוואָרן על קידוש השם, ווערט מיין האַרץ אָנגעפילט מיט שוידערליכן וועהטאָג... איך פאַרליר מיין באַוואוסטזיין... איך מאַך צו מיינע, מיט טרערן אָנגעפילטע אויגן און איך זעה דעם שוידערליכן אומגליק וואָס האָט געטראָפן מיין פאָלק... אַזאַ שרעקליכן אומגליק האָט אפילו אונזער נביא ירמי' ניט געקענט פאָראויסזעהן... אַזאַ איכה וואָלט געווען אומעגליך צו באַשרייבען. די דייטשע בעסטיעס האָבן אויסגעמאָרדעט אונזערע טייערסטע און באַליבסטע, אונזערע פרויען, קינדער, ברידער און שוועסטער אויף אַזאַ גרויזאַמען און שוידערליכען אופן אין דעם גיהינום פון „אוישוויץ"... פריער האָבן זיי די אינגערע און די שטאַרקערע אויסגעמוטשעט מיט די שווערסטע אַרבייטן, אָהן גענוג שפּייז. און ווען זיי זיינען שוין געוואָרן אַזוי קראַנק און ערשעפּט, און ניט געקענט טאָן ווייטער זייערע שווערע ארבייט, האָט מען זיי פאַרגאַזט און פארברענט אין אוישוויץ...

איך בין געווען אין לאַגער אוישוויץ 240 טעג, פון מאַי 1944, ביז יאַנואר 1945. און ווען איך וואָלט יאָרן געשריבן, וואָלט נאָך אַלץ מיין פען געווען צו שוואַך צו שילדערן אַלע איינצעלהייטן, די שרעקליכקייטן, די שוידערליכקייטן, וואָס איך האָב מיט מיינע אייגענע אויגן צוגעזעהן דורך די אַכט חדשים (ווי יאָרן...) וואָס איך בין דאָרט אָפּגעווען, און אָנגעהערט...

קורץ נאָכדעם ווען איך בין געבראַכט געוואָרן קיין אוישוויץ האָב איך באַשלאָסן, אז מיין גאַנצע שוידערליכע ערפאַרונג, אויב איך וועל אַרויסקומען אַ לעבעדיגער, צו דערציילן פאַר די צוקונפטיגע דורות וואָס אָן אַזוי גערופענע קולטערעלע און ציוויליזירטע פאָלק, האָט געקענט טאָן צו זייערע הילפלאָזע, שוצלאָזע קרבנות...

דער קאָנצענטראַציע לאַגער אין אוישוויץ איז באַשטאַנען פון אַרום דרייסיג געביידעס, וואָס איז פריער געווען באַראַקן (קאַזאַרמעס) פאַר

האלץ
רעלסען צום
קרעמאטוריום
קרעמאט׳
קרעמאט׳
שאפע מיט
אש אורנען
דער אוישוויטצער
קרעמאטוריום איין
גאזקאמער



דער אוישוויצער קרעמאַטאָריום און גאַז־קאַמער

פוילישע זעלנער. די דייטשען האָבן צוגעבויט איין אָדער צווי עטאַ־זשען. פאַר אָט דער דאָזיגער אַרבייט האָבן זיי געניצט פּריזאָנערס וועמענס צאָל דערמאָרדעטע איז געווען גרעסער ווי דער צאָל ציגל וואָס זיי האָבן געלייגט.

גאַנץ פרי, איידער מען האָט זיך געשטעלט אַרבייטן, האָבן די פירער פון די פּריזאָנערס, וועלכע זיינען באַשטאַנען אָמערסטן פון דייטשע פאַרברעכער און באַציכענט מיט אַ גרינעם דריי־עקיגן פיגור, זיינען גערופן געוואָרן צו די העכערע דייטשע אויטאָריטעטן, פון וועמען זיי האָבן געקראָגן זייערע אָרדערס ביז 1944, וויפיל טויטע צו באַריכטן אין אָווענט . . . דאָס האָט געמיינט, וויפיל זיי האָבן באַדאַרפט דערמאָרדען. ווען זיי האָבן דערמאָרדעט מער ווי דעם אָנגעגעבענעם צאָל, האָט מען זיי דערפאַר געלויבט. די געביידעס אין וואָס די פּרי־זאָנערס האָבן זיך אויפגעהאַלטען האָט מען גערופן „בלאָק”. אינוויינינג זיינען געווען צווי גרעסערע און צווי קלענערע צימערן אויפן ערשטן שטאָק און אויפן צוייטן שטאָק, צוויי גרויסע צימערן.

דורך דער צייט וואָס איך האָב זיך דאָרט געפונען זיינען געווען די הויפּטן די, צוויי מאָסענמערדער קאַדאָג און זיין קאָלעגע דר. מענגעלע, וועלכע זיינען געווען פאַראַנטוואָרטליך פאַר הונדערטע טויזענט מאָרדען פון די אידישע פּריזאָנערס. און דער העכסטער אויטאָריטעט איז געווען דער מאָסענמערדער העססע. און אין דער נעקסטער קאָנצענטראַציע לאַגער, בירקענאו איז געווען דער קאָמאַנדיר מאַנדעל. דער „לאַגערפירער” איז אויך געווען אַ הויכער בעאַמטער פון דער ס. ס. אָרגאַניזאַציע און ער האָט געהאַט דעם אויפזיכט איבער די פּריזאָנערס און איבער זייער לעבען און טויט. פאַר דער קלענסטער זאַך פלעגט מען באַשטראָפן מיט טויט. אַזוי, צום ביישפּיל האָט מען גע־האַנגען אַ מאַן אין מאַנאָוויץ, ווייל מען האָט ביי אים געפונען אַ שטיקל בלעך וואָס ער האָט געניצט פאַר זיך.

דער צאָל פון די אידן וואָס זיינען דערמאָרדעט געוואָרן אין די אַרבייטער לאַגערן, זיינען ביים סוף פון 1943 געווען אַזוי גרויס אַז עס איז אומעגליך געווען נאָכצופאָלגען. עס ווערט געשאַצט דאָר איבער פיער מיליאָן אידען זענען דאָרט ערמאָרדעט געוואָרן.

איין טאָג האָט פּאַסירט אַז אַ מאַן האָט גע׳חלש׳ט אין „קלאָזעט” (טאָילעט). ווען דער קאָמענדאנט פון די באַריכטן־דינסט האָט אויסגע־פונען וועגן דעם איז ער גלייך אריין אַהין, און אַנשטאט אים אויפצו־מינטערן, האָט ער אים גלייך דערשאָסן, ער האָט אויך דערשאָסן דעם וועלכער האָט עס באַריכטעט וועגן דעם.

די נאַציס האָבן באַשטימט אויפזועהער איבער די פּריזאָנערס וועלכע

מען האָט גערופן „קאַפּאָס". עס זיינען געווען העכערע און נידעריגע קאַפּאָס. די העכערע קאַפּאָס זיינען געווען הויפטן איבער די פּריזאָנערס אַרבייט אויסערן לאַגער. זיי זיינען געווען אינגאַנצען אונטער אים און ער האָט געקענט זיי איבערגעבן צום טויט. דער נידעריגער קאַפּאָ האָט געהאַט די זעלבע פונקציעס ווי דער העכערער קאַפּאָ, אָבער האָט בלויז פאַרטראַטן דעם עלטערן קאַפּאָ ווען יענער איז ניט געווען.

אַלע מיטגלידער פון די אַזוי גערופענע „זאָנדער קאָמאַנדע" וואָס זיינען אויסגעקליבן געוואָרן פון דער ריי פון די פּריזאָנערס, זיינען אַ סך אַליין געוואָרן טיראַנען אונטער דעם דרוק פון זייערע נאַצי אויבער־האַרן. זיי האָבן געמאַכט דעם איינדרוק ווי זיי וואָלטן געווען מענשן אָהן שום מאָראַל, וועלכע האָבן אַלץ געטאָן אויטאָמאַטיש, ווי מאַשינען וויסענדיג גאַנץ גוט, אַז זייער ריי וועט אויך קומען, ווייל די נאַצים וואָלטן ניט געדולדעט יעדן איינעם וועלכער האָט מיט זיינע אויגן צוגע־זעהן די נאַצישע מעשים תעתועים (שוידערליכע סקאַנדיליעזע טאַטן)....

ביז אין מיטן 1944 איז אַ איד ניט באַשטימט געוואָרן פאַר אַ קאַפּאָ. דאָס פלעגט געהן צו דייטשען און פּאָליאַקען, איבערהויפּט אַזעלכע וועלכע זיינען געווען באַוואוסט פאַר פאַשיסטן אָדער אַנטיסעמיטן. פונדעסטוועגן וויל איך צוגעבן אַז מאַנכע פון די פּאָליאַקן זיינען געווען ערנהאַפטע מענשן. אָט די דאָזיגע הויפּטן איבער אונזער אַרבייט האָבן אויך געהאַט צו זאָגן וועגן אונזער לעבן און טויט... פיל טויזענטע פון יענע אומגליקליכע זיינען געפאַלן דורך זיי...

ווען איך האָב אַמאָל פאַרגעוואָרפן איניגע אידן וועלכע האָבן זיך באַטייליגט (דורך צוואַנג) אין פיל פון אַזעלבע פאַרברעכענס, העלפענדיג די נאַציס זיי דורכצופירן, אפילו אז מען האָט זיי דערצו געצוואונגען, האָבן זיי מיר געענטפערט, ציטירענדיג וואָס דער תנא הלל האָט געזאָגט: „אַל תדין את חברך עד שתגיע למקומו" (אורטייל ניט דיין חבר ביז וואַנען דו אַליין וואָלסט געווען אויף זיין פּלאַץ). איך פערזענליך האָב געהאַט אַן אַנדער שטאַנדפונקט... איך וואָלט בעסער באַגאַנגען זעלבסטמאָרד... איידער צו העלפן די נאַצי באַנדיטן אומ־ברענגען אָדער פייניגען אנדערע. איידער איך וואָלט באַשלאָסן זיך אַליין אומצוברענגען אונטער די אומשטענדען, וואָלט איך פריער געזעהן אומצוברענגען עטליכע נאַצי בעסטיעס, און איך וואָלט געווען גרייט צו שטאַרבן פאַר דעם...

מיין פריינד רודא קאַרדא פון פּראַג, האָבן די נאַצי בעסטיעס אויס־געקליבן אַלס אַ הענקער... ער האָט אָבער, פאַרגעצויגן צו פאַרקריפּלן זיין האַנט, אַריינשטעלענדיג זי אין אַ מאַשין, איידער צו הענגען מענטשן.. זיין האַנדלונג איז געווען נאָך מער בראַוו און העלדיש מיט דעם שטעלענדיג זיין לעבן אין געפאַר, ווייל אַלס אַ קריפּעל האָט ער

דער בירקענויער לאגער אין די
קרעמאט׳אין גאזקאמרן

Krematorium 4

F E D C B A

Krematorium 3

G

Krematorium 2

Krematorium 1

B A

דער פלאַן פון בירקענאוער לאַגער, קרעמאַטאָריום און גאַז־קאַמער
אונטען, די קדושים.

ניט געקענט אַרבייטען און דעריבער האָט מען אים געקענט אומברענגען אין די גאַז קאַמער...

די דרייסיג געביידעס וואָס האָט פאַרמירט דעם לאַגער אויש־וויץ זיינען געווען אויסגעלייגט אויף א שטח פון אַרום 6,000 סקווער מעטער. זיי זיינען געווען ארומגערינגעלט מיט הילצערנע און צעמענ־טענע זיילן און זיינען געווען פאַרבונדען מיט עלעקטריפיצירטע דראָטן איבער 1000 וואָלטס. אויף יעדע 50 מעטער איז געווען אַ טורעם וואו עס האָט זיך געפונען אַ וועכטער טאָג און נאַכט, גרייט צו שיסן יעדן פריזאָנער וואָס מאַכט אַ פאַרזוך צו אנטלויפן. ביינאַכט האָבן די וועכטער געהאַט שטאַרקע „סוירטשלייטס" וואָס האָט באַלויכטן דעם גאַנצן לאַגער.

איבער דעם אַריינגאַנג צום לאַגער איז געווען אַן אויפשריפט: „אַרבייט מאַכט פריי"... די איראָניע פון דעם איז געווען וואָר יעדער איינער האָט געוואוסט, אז דאָס איז אַ לאַגער פון טויט... און דער ריכטיגער אויפשריפט וואָלט באַדאַרפט זיין: „דער טויט מאַכט דיר פריי"...

ביים טויער איז געווען אַ וואַך־שטיבעל. פון דאָרט האָט מען גע־געבן אַלע אָרדערס צו די פריזאָנערס. אין אַ מרחק פון 200 מעטער פון דער אוישוויץ לאַגער, האָבן זיך געפונען די באַראַקן פון די עס. עס. לייט. דאָרט האָט זיך אויך געפונען די סקלאַדן וואו אַלע אָנגערויבערטע חפצים פון די אומגליקליכע, זיינען געהאַלטן געוואָרן..

אוישוויץ איז געווען דער צענטראַלער קאָנצענטראַציע לאַגער, וואָס האָט געהאַט אונטער זיך נאָך 40 אַנדערע לאַגערן, ווי בירקענאו, מאָנאָוויץ, באביץ און אַנדערע... די בעאַמטע פון די לאַגערן זיינען דאָס געווען די מיטגלידער פון באָארד אָוו דירעקטאָרס, בירקענאו איז געווען אָפּגערוקט פון אוישוויץ אַרום דריי קילאָמעטער, און גאַנץ אָפט פלעגט מען יענעם לאַגער רופן אוישוויץ נומער 2... דער טויטן פאַב־ריק איז דאָרט געווען דאָס זעלבע ווי אין אוישוויץ. אין בירקענאו האָבן פונקציאָנירט פיר קרעמאַטאָריעס.

די נאַצי מערדער אין יוניפאָרם האָבן באַפוילן אַז די פריזאָנערס זאָלן לייגן רעלסען וואָס זאָלן פאַרבינדען די סטאַנציע אוישוויץ מיט דער סטאַנציע פון בירקענאו, כדי צו ערמעגליכן וואָס שנעלער דורכ־צופירן די מאָרדן אין די גאַז קאַמערן...

דער לאַגער בירקענאו איז באַשטאַנען פון זעקס קעמפּס פון דער רעכטער זייט פון די רעלסן נומערירט לויטן אלף בית (א. ב. ג. ד. ה. ו.) יעדער קעמפּ האָט געהאַט 32 בלאָקס. צווישן קרעמאַטאָריום נומער 2 און 3, וואָס האָט אַרומגערינגעלט דעם קעמפּ 6, איז צוגעגעבן געוואָרן קרעמאַטאָריום נומער 4, און נעקסט איז געווען דער קעמפּ פון מלחמה

געפאַנגענע. יעדער קרעמאַטאָריום האָט געהאַט אַ גאַז קאַמער אָבער די קרעמאַטאָריומס 3 און 4 האָבן געהאַט מערערע גאַז קאַמערן, ווייל די נאַצי מערדער האָבן אין אָנהויב פון דער מלחמה באַטראַכט אַ פּלאַן צו פאַרניכטן די גאַנצע ניט גערמאַנישע באַפעלקערונג פון אייראָפּע. אויפן ערשטן פּלאַץ זיינען געווען די אידן, די צווייטע זיינען געווען די סלאַווישע פעלקער און די אַנדערע... כדי דאָס דורכצופירן האָבן זיי באַדאַרפט האָבן גענוג קרעמאַטאָריעס און גאַז קאַמערן... דער טויט אַרבייטענדיג אין די מאָרד פאַבריקן טאָג און נאכט וועט עלימינירן טויזענטע קרבנות טעגליך, און אזוי אַרום וועט באַזאָרגט ווערן מער לעבענס רוים פאר דעם „הערן־פאָלק”...

איבער דעם ארייגאנג פון די גאַז קאַמערן איז געווען אן אויפשריפט **באדע** (באָד). די קרבנות וועלכע זיינען באַשטימט געוואָרן פאַרגאַזט צו ווערן, זיינען געטיילט געוואָרן אין צוויי גרופען: א) מענער; ב) פרויען און קינדער אונטער צוועלף יאָר. יעדער האָט געמוזט ארונטערנעמען זיינע קליידער און זיי ארויפטאָן אויף אַ נומערירטען קליידער שטאנג. איידער ער האָט גענומען זיין לעצטע „באד”.... די ביטרעקייט און די לומפּעריי פון די דייטשע בעסטיעס איז געווען אזוי אומפארשעמט און שוידערליך, אז זיי האָבן יעדן איינעם אָנגעזאָגט אז ער זאָל געדענקען דעם נומער וואו זיינע קליידער געפינען זיך, זיי זאָלן מיינען אז מען וועט זיי זיכער געבן אַ באָד...

ביים אריינגאנג פון גאַז קאַמער זיינען געווען אזעלכע צינישע אויפשריפטן: „האַלט אָרדענונג”, „זייט שטיל”. מיט דעם האָבן זיי געוואָלט מאַכן דעם איינדרוק אויף זייער קרבן, אז מען געהט אים ווירקליך געבן א באָד. דאָס איז געטאָן געוואָרן, כדי די אומגליקליכע זאָלן ניט שרייען און מאכן געוואַלדען...

ווען א גאַז קאַמער איז געוואָרן איבערפילט, אמאָל מיט דריי טויזנט קרבנות, דאן פלעגט דער נאַצי קאָמאַנדיר געבן אַן אָרדער, און אַ קראַן פלעגט אָפּגעדרעהט ווערן, און דער פארגיפטעטער גאַז פלעגט אָנפילן די קאַמערן. די אומגליקליכע פלעגן שוין דאַן דערפילן אז דער טויט רוקט זיך אָן. מיט די לעצטע כוחות פלעגן זיי נעמען יאָמערן און שרייען. א סך פלעגן זיך רייסן און זוכן צו ברעכן דעם ארויסגאנג, אָבער מיט יעדער רגע פלעגט דער גיפט פון גאַז נעמען ווירקן און זיי פלעגן פאַלן ווי פליגן, די געשרייען זיינען געווען אזוי גרויס, אזוי שרעקליך אז מען האָט געקענט הערן גאנץ ווייט דורך די דיקע ווענט פון די קאַמערן... מיט אויסגעשרייען פון „שמע ישראל” פלעגן זיי פאלן אויף קידוש השם... ווען מען פלעגט ארויסנעמען די דערשטיקטע פלעגט מען זעהן ווי מאַנכע פלעגן זיך האלטן ארומגענומען ווי זיי

וואַלטן זיך וועלן טוליען איינע אין די אַנדערע. ביסלעכווייז פּלעגט דער טומעל, דאָס געוויין און יאָמער איינגעשטילט ווערן... דער לעצטער קרעכץ איז געווען אַ סימן אַז דער מאַסן מאָרד איז דורכגע־פירט געוואָרן.

אין דער זעלבער צייט זיינען די דייטשע באַנדיטן־פייגלינגע גע־שטאַנען ביי זייערע פענסטער ארויסקוקענדיג מיט אַ בעסטיאַלישער קאַלטבלוטיגקייט און מיט אַ ציניש פערוועזיטעט און רוהיגקייט, צו זעהן ווי זייער ארבייט פון מאָרדן ווערט געטאָן דאָרט אין די גאַז קאַמערן דורך מאַשינען...

.7

ווען דער טראַנספּאָרט איז אָנגעקומען אין אוישוויץ, האָט מען דאָס פּאַרקערעוועט צו די רעלסן וואָס פירן צום לאַגער בירקענאו, וואו מיר האָבן באַדאַרפט וואַרטן שטונדען לאַנג. איידער מען האָט אונז אַרויסגעלאָזן. ווי נאָר מיר זיינען אָנגעקומען, זיינען מיר באַלד שאָקירט געוואָרן פון דעם שוידערליכן ספּעקטאַקל, וואָס פאַרשאָטענט „דאַנטעס אינפערנאָ". אין אַ מרחק פון אַרום 100 מעטער האָבן מיר באַמערקט אַ פלאַם פייער וואָס איז אַרויסגעקומען פון אַ לאָך פון דער ערד און מיר האָבן באַלד דערפילט דעם איבעלדיקן גערוך פון פאַרברענטע מענשליך פלייש... מיר האָבן אַלע פאַרשטאַנען וואָס דאָרט קומט פאָר, און מיר האָבן באַלד געהאַט דעם פאַרגעפיל אַז דאָס וועט באַלד פאַסירן מיט אונז... אָבער מען האָט אונז ניט געגעבן צופיל צייט איבערצוטראַכטן. די טירן פון די וואַגאָנען האָבן זיך געעפענט. די נאַציס און אויך מיטגלידער פון די זאָנדער קאָמאַנדאָס זיינען אַריינ־געקומען מיט שטעקענס און מיט בייטשן און אונז גענומען אַרויסטרייבן פון די וואַגאָנען. די עס. עס. בעסטיעס האָבן געהאַט אויך זייערע הינט מיט זיך. די מענער, פרויען און קינדער האָבן געיאָמערט און געוויינט, ווייל מען האָט זיי אָפּגעטיילט דורך צוואַנג. קינדער עלטער פון 12 יאָר, זיינען אַוועקגענומען געוואָרן פון זייערע מוטערס. די דאָזיגע שוידערליכע סצענעס איז אומעגליך איבערצוגעבען... מען האָט גע־וואוסט אַז מען געזעגענט זיך איינע מיט די אַנדערע אויף אייביג...

דערווייל האָבן די עס. עס. נאַציס געשטורעמט און באַפוילן איבערצולאָזן אונזערע זאַכן, אונזערע פעקלעך און וואַליזעס און גאָר ניט מיטצונעמען מיט זיך. מיר זיינען ניט ערלויבט געווען מיטצו־נעמען אונזערע האנט וואַליזעס. די לאַגע איז געוואָרן אונערטרעגליך, איך האָב פּרובירט אויסצובאַהאַלטן מיינע תפילין, אָבער מען האָט מיך דערווישט און צוגענומען. אונטער דעם איינדרוק פון דעם שוידערליכן ספּעקטאַקל וואָס מיר האָבן געזעהן און דערפילט ביים אָנקומען, און דעם באַפעל אַלץ איבערצולאָזן, האָט אונז אַלעמען באַנומען אַזאַ שרעק, אַזאַ שוידערליכקייט, אַז מיר זיינען אַלע געבליבן ווי פאַרגליווערטע... בלויז דער וועלכער האָט אליין דורכגעלעבט יענע מאָמענטן, ווייסט ווי אזוי מען האָט געפילט... פרויען האָבן יאָמערנדיג געריסן זייערע האָר פון קאָפּ, און מוטערס האָבן אָנגעהאַלטן זייערע ליבענקע און טייערע

קינדערלעך, ווי זיי וואָלטן זיי וועלן באַשיצען פון דעם מלאך המות...
אָבער דאָס אַלץ האָט קיינעם גאָרניט געהאָלפן. מען האָט זיי אונ־
רחמנות׳דיג געשלאָגן מיט די שטעקענס און בייטשן, און מען האָט זיי
געשלעפּט צו דער קאָמיסיע.

אין דער זעלבער צייט האָבן מיר הילפלאָז צוגעקוקט ווי מען
לאָדעט אָן די קינדער, ווען מען האָט אריינגעוואָרפן אין צוגעגרייטע
לאַסט אָטאָס, ווי מען וואַרפט קלעצער. די נאַציס האָבן אפילו געשלאָגן
די אַלטע און די קראַנקע און זיי געטריבן צו דער קאָמיסע וואָס האָט
שוין אויף זיי געוואַרט.

די קאָמיסע איז באַשטאַנען פון נאַצי בעסטיעס וואָס האָבן שוין
אָוועקגעשיקט צום טויט טויזנטע אומשולדיגע מענער, פרויען און
קינדער: דר. פישער, דער לאַגער דאָקטאָר; דר. ענדערס, אַ גרויזאַמער
באַנדיט, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט דעם וואָס ער פלעגט
געבען איינשפּריצונגען, צוליב ווייסענשאַפטליכע צוועקן, וואָס האָט
פאַראורזאַכט טויט אין עטליכע שעה צייט... דר. קליין און דר.
רהאָדע, ביידע האָבן זיך באַטייליגט אין היגריכטונג פון די קרבנות
דורך גאַז... דער בלוטדורשטיגער הונט קאַדאַג און העסלער, דער
קאָמאַנדיר איבערן לאַגער, אַ טייפל אין מענשן געשטאַלט, דר.
מענגעלע... ער איז געווען אַ שוידערליכע בעסטיע וואָס האָט אָוועק־
געשיקט צום טויט הונדערטער טויזענטע אומגליקליכע אידן... פרוי
דרעקסלער, א טייפל אין פרויען קליידער. זי האָט אויסגעקליבן די
דאָזיגע פרויען וועלכע האָבן נאָך וואַכן שווערע ארבייט, מער ניט
געקענט ארבייטן פון שוואַכקייט, און זי האָט זיי געשיקט צו די גאַז
קאַמערן... נאָך איינדיגע האָבן באַלאַנגט צו אָט דער קאָמיסיע פון
„טויט", דאָס זיינען דר. דאָירינג, דער רעפּאָרטער טאובער, דער פאַר־
וואלטער מאנדעל און אנדערע שענדליכע פאַרברעכער...

דער אופן ווי אָט די דאָזיגע קאָמיסיע פון מערדער, האָבן באַהאַנ־
דעלט די הילפלאָזע קרבנות איז ניט געווען אַנדערש ווי דער אופן
ווי מען באַהאַנדעלט בהמות וואָס מען פירט צום שלאכט הויז... די
קאָמיסיע האָט באשלאָסן וועמען מען זאָל גלייך טויטן און וועמען
שפּעטער...

ווי ציניש ברוטאַל עס איז געווען דער אופן ווי דר. מענגעלע
האָט באַשטימט ווער פון די קרבנות זאָל געשיקט ווערן צו די ארבייטער
לאַגערן און ווער צו די גאַז קאַמערן... ער פלעגט געבן אַ פייף און
אַ צייג מיטן פינגער אין וועלכער ריכטונג דער קרבן זאָל געשיקט
ווערן. די אַלע וועלכע האָבן אויסגעזעהן שוואַך, וועלכע זיינען געווען
פאַרבאַנדאזשירט צוליב דעם וואָס די נאַצי באַנדיטן האָבן זיי געשלאָגן
און געפּייניגט, ווי אויך קינדער אונטער 12 יאָר אַלט, האָט ער אַ

צייג געטאָן מיט זיין פינגער צו לינקס, וואָס האָט געמיינט טויט אין די גאַז קאַמערן, ווייל פון זיי האָבן די נאַציס ניט געקענט ערוואַרטן זיי זאָלן טאָן די שווערע אַרבייטן צו וואָס זיי ברויכן שקלאַפן...
יאָ, עס איז געווען בלויז איין באַוועגונג מיטן פינגער וואָס האָט געמיינט אַ טויט אורטייל פאַר די דאָזיגע אומגליקליכע קרבנות...

די מענשן וועלכע זיינען פאַראורטיילט געוואָרן צום טויט, זיינען איינגעטיילט געוואָרן אין צוויי טיילן, מענער און פרויען. אויך די דאָזיגע וועלכע קענען נאָך באַנוצט ווערן פאַר געוויסע אַרבייטן, און וועלכע וועלן דאַרפן דערמאָרדעט ווערן אַ ביסל שפּעטער, זיינען אויך איינגעטיילט געוואָרן אין צוויי גרופּן: מענער און אינגלעך, פרויען און מיידלעך. שוידערליכע וואהנזיניגע סצענעס זיינען פאָרגעקומען אין יענע טרויעריגע מאָמענטן... איין פאַמיליע איז אָפט צעטיילט געוואָרן אין 4 טיילן. איין טייל האָט גאָרניט געוואוסט וואָס עס איז געשעהן מיט דער צווייטער. קינדער האָבן געוויינט און געיאָמערט פאַר זייערע עלטערן, און עלטערן פאַר זייערע קינדער... אלע זיינען געווען הילפ־לאָז געגן א גורל וואָס האָט נאָך קיין גלייכן אין דער געשיכטע פון דער וועלט...



אַ מאַמע מיט אירע 6 קינדער,
עטליכע מינוט איידער מען האָט זיי פאַרגאַזט.

די וועלכע זיינען באַשטימט געוואָרן פאַרגיפטעט צו ווערן אין די גאַז קאַמערן, זיינען געטריבן געוואָרן פון די עס. עס. בעסטיעס

מיט שטעקענס, מיט בייטשן און מיט בלוט הינט. אַלץ איז דאָ צוגע־גאַנגען מיט דער באַוואוסטער דייטשער פּינקטליכקייט און צוגרייטונג פאַר דער דערמאָרדונג פון מיליאָנען מענשן...

אַט די דאָזיגע אומגליקליכע קרבנות האָט מען געזאָגט, אַז זיי דאַרפן זיך געהן רייניגען פון לייז, און טאַקע איבער דעם אריינגאַנג פון אַט די געביידעס איז געווען אַן אויפשריפט: „דיסאינפעקציע". דאָס האָט געזאָלט אָפּנאַרן די אומגליקליכע קרבנות, פון נאַצישע באַר־באַרישקייטן. נעבן יעדן גאַז קאַמער איז געווען אַ קליידער צימער. מענער פלעגן אריינגעהן אין איין זייט און פרויען און קינדער אין אַ צווייטער זייט. אין אַט די צימערן האָבן זיי באַדאַרפט אויסטאָן זיך און איבערלאָזן זייערע קליידער. די כיטרע בעסטיעס האָבן אפילו פון צייט צו צייט אָפּגענאַרט די קרבנות. כדי צו מאַכן גלויבן אַז מען פירט זיי ווירקליך אריין זיך צו באָדן, האָט מען איניגע פון זיי געגעבן אַ קליין שטיקל זייף מיט אַ קליינעם האַנטוך.

פון מאַי ביז אויגוסט 1944 פלעגן אָנקומען טעגליך פון זעקס ביז אַכט טראַנספּאָרטן מיט מענשן פון 20 ביז 25 טויזענט אומגליקליכע און אַן ערך פון 90 פּראָצענט, האָט מען אריבערגעפירט אין די גאַז קאַמערן. דאָס פאַרגיפטן די קרבנות האָט געדויערט פון 10 ביז 30 מינוט, לויט דער קוואנטיטעט פון גאַז וואָס איז אריינגעלאָזט געוואָרן אין די קאַמערן.

דורך דער צייט פון וואַרטן ביז וואַנען די גאַז וועט אָפּטאָן דאָס וואָס זיי האָבן געוואָלט, זיינען די פאַרדאַמטע נאַציס געזעסן עטוואָס ווייטליך פון דאָרט, געלייענט רוהיג צייטונגען, געררויכערט פּאַפּיראָסן דורך דער צייט וואָס האָט גענומען די אויסמאָרדונג. אין יענער צייט האָבן די צייטונגען געבראַכט נייעס פון דייטשע צוריקציען זיך פון שלאַכטפעלד, פון מפּלות וואָס די דייטשען האָבן געליטן. עס קען זיין אַז אַט די ניט פרעהליכע נייעס פון מלחמה פראָנט האָבן אָנגערעגט די פאַרשאָלטענע דייטשע נאַציס צו צואיילן מיט די טויט פאַבריקען און וואָס שנעלער דורכפירן די ליקווידאַציע פון אלע אייראָפּעיאישע אידן, ווען די בעסטיעס האָבן אָנגערופן „שונא נומער 1", איידער דער סוף פון דער טויזענט יאָריגער דייטשער אימפּעריע וועט זיך ענדיגן...

נאָכדעם ווי מען האָט פאַרענדיגט דאָס פאַרגיפטן פון איין שיכט קרבנות, פלעגט מען עפענען די טירן פון גאַז קאַמער און די פאַרגאַזטע טויטע קערפּערס פלעגט מען אריינברייינגען אין קרעמאַטאָריום און זיי פאַרברענט. איידער אָבער מען האָט זיי פאַרברענט האָבן די נאַציס אָפּגעשאָרן די האָר פון די פרויען, פון וואָס זיי האָבן געקענט מאַכן

נוצען, ווי צו מאכן בערשטלעך און אנדערע זאכן.. זיי פלעגן אויס־האַקן די גאָלדענע ציינער פון די טויטע...

עס האָט אַמאָל פּאַסירט אז צווישן די טויטע קערפּערס האָט מען געפונען מענשן וואָס האָבן נאָך געלעבט. ווען איינער פון די גאַרדיענס (היטערס) האָט וועגן דעם געמאָלדן דעם עס. עס. סאַר־דזשענט. האָט דער בלוטדורשטיגער נאַצי זיך אויף אים צעשריען: „דו בלוטיגער הונט, ווייסטו דען נישט אַז ביי אַט דער דאָזיגער ארבייט טאָר מען ניט ריידן!... אין אַ קורצער צייט וועסטו אליין דאַרט זיין וואו זיי זיינען!״. זינט דאן איז געווען פאַרבאָטן צו מעלדן אַז אימיצער וועלכער איז באַשטימט געוואָרן צו פאַרגאַזט ווערן לעבט נאָך, ווי עס האָט טאַקע איינמאָל פּאַסירט, אז צווישן די טויטע קערפּערס האָט זיך אַ יונגע מיידל אויפגעהויבן און גענומען בעטן זיך אַז מען זאָל רחמנות האָבן אויף איר און זי ניט טויטן... דער נאַצי האָט זי גלייך דערשאָסן. זינט דאן פלעגט מען גלייך דערשיסן יעדן לעבענ־פאַרבליבענעם פון די גאַז קאַמערן... די נאַציס האָבן ניט געוואָלט וויסן פון רחמנות... זיי האָבן געוואוסט בלויז איין זאַך: „מאָרד, מאָרד און מאָרד!״...

עס האָט אָפט פּאַסירט, אַז אַ מיטגליד פון די זאָנדער קאָמאַנדאָס (אידן וואָס זיינען געצוואונגען געוואָרן פון די נאַציס, עס איז געווען איבער א טויזענט פון זיי), האָט געפונען צווישן די קרבנות אַ מיט־גליד פון זיין אייגענער משפחה, א פאָטער, א מוטער, קינדער, א ברודער אָדער שוועסטער... דאן פלעגט יענער מאן גאנץ אָפט ארונטער פון זינען און פלעגט אליין אריינשפּרינגען אין דעם אויוועץ פון דער קרעמאַטאָריום. אָבער יענער אומגליקליכער מאן האָט בלויז פאַרשנעלערט זיין סוף, ווייל עס איז ביי די נאַציס געווען אַ מין אונגעשריבענער געזעץ, אַז יעדער גאַרד דאַרף פאַרגאַזט ווערן נאָך דריי חדשים פון זיין ארבייט. קיין אנדער גורל האָט אים ניט דערוואַרט, ווייל די דייטשע מערדער האָבן ניט געוואָלט אַז אַ לעבעדיגער עדות זאָל בלייבן, וועלכער האָט צוגעזהן וואָס זיי האָבן אָפּגעטאָן...

עס איז אַמאָל געשעהן אַז אימיצען פון די קרבנות איז געלונגען זיך דורכצורייסן און ארויסלויפן פון דעם גאַז קאַמער און ער האָט אויסגעשריען פאַר די אלע פון זיינע לאַנדסלייט וועגן זיין שוידערליכער דערפאַרונג. האָט מען אים גלייך דערשאָסן, אָבער איצט האָבן שוין די אומגליקליכע געוואוסט וואָס זיי ערוואַרט, און ווען מען האָט זיי געצוואונגען אריינצוגעהן אין די גאַז קאַמערן, האָבן זיי ניט געוואָלט געהן. זיי האָבן שוין איינגעזעהן אז מען נאַרט זיי אָפּ, אז מען וועט זיי ניט געבן קיין באָד נאָר מען וועט זיי פאַרגאַזן. די דייטשע גענגס־טערס האָבן זיי אָבער געשלאָגן מיט שטעקענס וואָס האָבן געהאַט

בלייענע הענטלעך ביז וואַנען זיי זיינען געפאַלן אין חלשות אָדער געשטאָרבן פון די קלעפּ...

עס האָבן זיך געהערט אויסגעשרייען פון די אומגליקליכע: „פאַר־וואָס ווילט איר אונז דערמאָרדן?" אָדער „האָט איר גאָר קיין מורא ניט פאר גאָט?" „האָט איר גאָר קיין האַרץ ניט?"... „דער טאָג פון רעכענונג וועט קומען פאר אייערע פאַרברעכענס!"...

די אומגליקליכע פאַרצווייפעלטע אידן האָבן אין זייער לעצטער שטונדע אויסגעשריען: „שמע ישראל"! אָט די אלע אויסגעשרייען, זייערע געבעטן, געוויינען און יאָמערן האָבן ניט גערירט די דייטשען, וועלכע האָבן געהאט בלויז איין ענטפער: שמייסן, שלאָגן, בריקן, ביז וואַנען מען האָט זיי אריינגעבראכט אין טויטן קאַמער וואו מען האָט זיי איינגעשוויגן אויף אייביג...



מען שלעפּט די קערפּערס פון די קדושים (נאָכן פאַרגאַזען) אין די קרעמאַטאָריום.

עס האָבן זיך געפונען אַזעלכע וועלכע האָבן ארויסגעוויזן א שטאַרקן ווידערשטאַנד. זיי האָבן ניט געוואָלט געהן צום שלאַכט הויז ווי בהמות, אָבער די נאַצי עס. עס. האָבן ארויסגערופן זייערע בלוט הינט. ווען טראָץ אלעם האָבן זיי נאָך אַלץ ניט געוואָלט אריינגעהן אין די גאַז קאַמערן, דאַן האָבן די נאַציס זיי אויסגעשאָסן מיט מאַשינ־ביקסען. ווען עס איז שוין די נאַציס געלונגען צו פאַרניכטן דעם גאַנצען טראַנספּאָרט אידן, האָבן זיי אויסגעשריען: „פאַרדאַמטע אידן! אָט דער טראַנספּאָרט האָט אונז געגעבן אַ שווערע ארבייט!".

צווישן די הונדערטע טויזענטע קינדער קרבנות זיינען געווען אויך מיינע פינף קינדער, דריי אינגלעך און צוויי מיידלעך. איך האָב זיך שפּעטער דערוואוסט אַז זיי זיינען דערמאָרדעט געוואָרן ביי די דייטשע נאַצי בעסטיעס דעם 28סטען מאַי, 1944, ערב שבועות תש"ד.

די באַרימטע דייטשע מאסנמערדער ווי הארמאַן, דענקע, פּעטער

קווערטען, און די אַנדערע „נאָבל לייט״ זיינען געווען „לעמעלעך״ אין פאַרגלייך מיט דער דייטשער שטאאטסגיוואלט. די רעגירונג און די מיליטערישער אָרגאניזירטער גענגסטער, וואָס האָבן אויסגעמאָרדעט זעקס מיליאָן אומשולדיגע אידן. עס וואָלט געקומען יאָרן פון שטודירן אויסצוגעפינען אלע מעטאָדן און די טיפלשע פּלענער פון די נאַציס דורכצופירן די שווידערליכסטע פארברעכענס וואָס זיי האָבן דורכגע־פירט פון 1933 ביז 1945.

איך קען בלויז באַשרייבן די אַלע געשעהנישן וואָס האָבן פּאַסירט בעפאָר און נאָך מיין דעפּאָרטאַציע. פאַרשטעהט זיך בלויז די וויכ־טיגסטע פון זיי וועל איך דערציילן פאר די מענשן וועלכע האָבן איבער־געלעבט דעם נאַצי גיהינום, און פאר די וועלכע זיינען געווען אין געזיכערטער ווייטקייט, און האָבן קיין באַגריף ניט געהאַט אַז אַזעלכעס קען גאָר פּאָרקומען. זיי דאַרפן וויסן דעם אמת. כאָטש איך בין זיכער און איך וועל ניט זיין איבעראַשט אַז פיל וועלן דאָס ניט וועלן גלויבן...

.8

היטלער אין זיינע אַפּטע רעדעס האָט באַטאָנט אַז דאָס וואָרט קאַפּיטולאַציע (אונטערגעבן זיך) עקזיסטירט ניט אין דער דייטשער שפּראַך... די ווירקליכקייט אָבער האָט געהאַט אַן אַנדער פּנים. די דייטשן האָבן ענדליך געפונען דעם דאָזיקן אויסדרוק אין זייער שפּראַך... אָבער אייניגע אויסדרוקן געפינען זיך ווירקליך ניט אין דער דייטשער שפּראַך און דאָס זיינען די ווערטער „רחמנות", „הומאַניזם", „געוויסן" און „טאָלעראַנץ". די מיינונגען פון אַט די דאָזיגע ווערטער זיינען אומבאַוואוסט צו די דייטשען וועלכע זיינען ערצויגן געוואָרן אויף שנאה צו אנדערע ראַסן וועמען זיי האָבן געהאַלטן פאַר נידעריגער פון זיי; און שאָוועניזם און אַנטיסעמיטיזם; אויף דעם פאַרלאַנג פון מאַכט; און אויף דעם געדאַנק צו באַהערשן די וועלט... אָט דאָס זיינען געווען די וויכטיגסטע הויפּט לערעס אין זייער פּראָגראַם... און דאָס דאַרף געדיינקען די פרייע וועלט.

נאָך אין אָנהויב פון דער צווייטער וועלט מלחמה, האָבן זיי ארויסגעוויזן זייער הומאַניזם... מיט דעם וואָס זיי זיינען געווען די ערשטע צו באָמבאַרדירן פון דער לופט די ציווילע באַפעלקערונג. דאָס האָבן זיי געטאָן ווייל זיי האָבן מורא געהאַט צו באָמבאַדירן מיליטערישע איינריכטונגען וואו זיי וואָלטן ארונטערגעשאָסן געוואָרן, איידער זיי וואָלטן דאָרט דערגרייכט...

עס איז אַ שענדליכער ליגן, און עס איז אזוי ווייט פון אמת ווי מזרח פון מערב, ווען די פאַרטיידיגער פון דעם דייטשן פאָלק פּרובירן וואַרפן די שולד פון די שוידערליכע אונערהערטע מאָרדן און אינקוויזיציעס אויף די נאַצי פירערשאַפט, ווי די בלוטהונט היטלער, געבעלס, גערינג, ראָזענבערג, שטרייכער און אזוי ווייטער. ווייל אַלץ וואָס עס איז געשעהן, האָט געקענט פאָרקומען בלויז מיט דער צושטימונג און מיט דער הילף פון מיליאָנען דייטשען פון די פאַרשידענע פּראָפעסיעס, פון פאַרשידענע געזעלשאַפטליכע שטאַנדן און ראַנגן זיי האָבן איבערגעגעבן זייערע פריינד וועגן אַלע שוידערליכקייטן וואָס ווערן אָפּגעטאָן. צווישן די מערדער זיינען געווען אינזשינערן, דאָקטוירים, אַרכיטעקטן, געשעפטס לייט, אָבער די מערסטע אומהומאַנישע שוידערליכע מאָרד אַקציעס האָבן דורכגעפירט די דייטשע דאָקטוירים, וועלכע האָבן ניט נאָר געהאָלפן דורכפירן די מאָרדן, נאָר זיי האָבן אויך געמאַכט צענד־

ליגע טויזענטע עקספערימענטן מיט אידישע לעבענס, ווי מען מאַכט מיט „גיני־פיגס", אריינגעבענדיג אין זיי פאַרשידענע סערומס, כדי צו זעהן ווי אזוי דאָס וועט ווירקן און ערשט דאן זיי פאַרגאַזן...

פיל דייטשע פאַבריקאנטן פלעגן קומען אין די קאָנצענטראַציע לאַגערן צו קריגן שקלאַפן פאר זייערע פאַבריקען. מיליאָנען דייטשן האָבן אונז געזעהן געהענדיג מיט א נומער אויף אונזערע העלזער, מיט אַ זאַק אויף אונזערע פלייצעס, ווי מיר זיינען געטריבן געוואָרן אין די לאַגערן פון פאַרניכטונג און טויט... זיי האָבן געוואוי"ט ווי אזוי מען האָט אַוועקגענומען פון די אידן זייערע האָב און גוטס, ווי מען האָט אַוועקגענומען זייערע פאַבריקען, זייערע הייזער, זייערע פעלדער און גערטנער. אָ, ווי צופרידן זיי זיינען געווען צו קריגן אַ חלק אין דעם רויב, צירונג, מעבל, קליידער און אנדערע ווערטפולע זאכן וואָס זיי האָבן זיך צעטיילט מיט דעם. איצט שרייען זיי נעבעך: „מיר זיינען אומשולדיג! מיר זיינען ריין! עס איז ניט געווען אונזער שולד... מיר האָבן ניט געוואוסט"...

ווי אזוי קענען זיי איצט איינריידן דער וועלט אז זיי האָבן ניט געוואוסט אז די נאַציס באַגעהן אַזעלכע אונהערטע גרויזאמקייטן, אז זיי זאַמלען צענויף הונדערטע טויזענטע אומשולדיגע מענשן, אלטע און יונגע, פרויען און קינדער, עופה'לעך און זיי נעמען פון זיי אַוועק די קליידער און פארברענען זיי, פאַרגיפטענדיג זיי מיט גאַזן און אויס־שיסענדיג זיי מיט מאַשין ביקסען?....

איך מוז אויסשרייען מיט אַלע מיינע קרעפטן אַז דאָס מערהייט פונ'ם דייטשע פאָלק איז אונמאָראַליש, פאַרדאָרבן, רויבער און מערדער מיט דעם אויסנאַם פון אַ מינאָריטעט. ווייל אפילו די וועלכע האָבן זיך דירעקט ניט באַטייליגט אין דער אויסמאָרדונג פון זעקס מיליאָן אידן בלויז צוליב דעם ווייל זיי זיינען געווען שוצלאָז און הילפלאָז, און זיי זיינען געווען זיכער אז קיינער וועט זיך פאר זיי ניט אָנעמען, זיינען אויך געווען שותפים צו דער שוידערליכען האָלאָקאוסט. און דעם ים בלוט וואָס די אויף אייביג פארשאָלטענע נאַציס האָבן פאַרגאָסן.

מיר ווילן דערמאָנען צום גוטן (זכור לטוב!) אַ דייטשען סטודענט האנס שיל, וועלכער האָט זיך מקריב געווען אויפדעקענדיג די צע־פוילטקייט, די קאָרופציע פון די נאַצי פירער, וועלכע זיינען פאַרדאָר־בענע באַנדיטן, מערדער און רויבער. ווי פאַרדאָרבן די פאַרבלענדעטע מאַסן זייגען, ווען זיי פאָלגן נאָך אַזעלכע שמוציגע פון בלוט באַפלעקטע פירער וואָס די מענשהייט האָט ארויסגעשפיגן.

ווען היטלער האָט פון דעם זיך דערוואוסט, האָט ער באַפוילן אָרונטערצוהאַקן דעם קאָפּ פון דייטשן סטודענט האַנס שיל. מען האָט

דורכגעפירט היטלער׳ס באַפעל און אים דעם 22טען פעברואַר, 1943, האָט מען דעקאַפּעטירט (אַרונטערגעהאַקט זיין קאָפּ).

אָט יענער יונגער דייטשער סטודענט מאַרטירער, האָט אָנגעשריבן אַ בראָשור און דאָרט האָט מען געלייענט אויך דאָס: „איך האָס פון דער טיפעניש פון מיין נשמה די פאַרברעכערישע נאַצישע רעגירונג. אויב דאָס דייטשע פאָלק איז אזוי קאָרופּטירט, אזוי צעפוילט אינווייניג, אַז ער איז גרייט צו דערלאָזן אַזעלכע אומווירדיגקייטן, ניט אויפ־הויבענדיג אַ פינגער צו פּראָטעסטירן . . . אויב דאָס דייטשע פאָלק גיט אזוי לייכט אויף זיין אייגענעם ווילן, איר מאָראַלישקייט, גיט אויף זיין אייגענע פרייהייט און די פרייהייט פון דער וועלט, ניט ארייננעמענ־דיג די ראָד פון זיין גורל אין זיינע אייגענע הענט, און מאכן פון דעם א געצייג פון זיין באַשלוס, און ווען דאָס דייטשע פאָלק ווערט אַ פּראָסטע, זינלאָזע, פחדני׳שע מאַסע, אָהן קיין אינדיווידואליטעט, דאַן פאַרדינען זיי דעם אומגליק, זייער שטראָף און זייער רוינע״ . . .

דאָס זיינען די ווערטער פון איינעם פון א קליינער צאָל וואוילע, גוטע אידעאַליסטישע און מאָראַלישע דייטשען, שטאַרקע געגנער פון נאַציזם, וועלכע האָבן געקעמפט מיט ענטשלאָסענקייט ,מיט פעסטקייט און העלדישקייט געגען דער פאַרשפרייטער מגיפה פון נאַציזם און וועלכע האָבן באַצאָלט פאר זייער געגנערשאַפט, מיט זייערע לעבענס...

דאָס בלוט פון די דערמאָרדעטע מאַרטירער וועט זיך קיינמאָל ניט באַרוהיגן און וועט אויסשרייען פון דער ערד צו די מערדער און טיראַנען און צו די וועלכע האָבן איינגעשטימט צו דעם פאַרגיסן דאָס בלוט פון אונזערע מיליאָנען ברידער און שוועסטער, דורך דעם וואָס זיי האָבען געוואוסט וועגן דעם און זיי האָבן געשוויגן און זיך געמאַכט ניט וויסענדיג. זיי וועלן באַשטראָפט ווערן ווי זיי האָבן עס פאַרדינט בעפאָר גאָט, דער וועלט און גערעכטיגקייט . . .

מיין אויסגעשריי פאר דעם אומגליק וואָס איז מיין פאָלק באַפאַלן און פאָדערונג גערעכטיגקייט, קומט ארויס פון מיין צעבלוטיגט האַרץ, אונטער דעם איינדרוק פון די אַלע עינויים און פארברעכערישע שוי־דערליכקייטן וואָס איך האָב דורכגעמאַגט אַלס פריזאָנער אין זעקס קאָנצענטראַציע לאַגערן. די געפילן פון האַס און נקמה שפילן דאָ ניט קיין ראָלע, נאָר דאָס איבערדערציילן פון די אַלע שענדליכע און אויפ־טרייסעלנדע פאַרברעכענס דערוועקט דעם געפיל פון עקל און דער שטאַרקער וואונש זיך נוקם צו זיין אָן די פאַרברעכער, וואָס דאָס איז די נאָרמאַלע געפילן פון יעדן איינעם וועלכער האָט עס אַלץ דורכ־געמאכט, וועלכער האָט געזעהן מיט זיינע אויגן דאָס אַלץ וואָס איך האָב דערציילט . . .

9.

ד׳ שוצלאָזע אידן און אנדערע פּריזאָנערס פאר וועמען זיי האָבן קיין מורא ניט געהאַט, האָבן זיי אומגעבראכט מיט די שרעקליכע עינויים... דאָ האָבן זיי ארויסגעוויזן זייער „העלדישקייט״ און געגעבן אויסדרוק צו זייער געמיינסטער רשעות און באַרבאַריזם... די עס. עס. עס. עי., די געסטאַפּאָ און אנדערע קרימענעלע, פאַרברעכערישע נאַצי אָרגאניזאַציעס האָבן ארויסגעוויזן פּערוועזיטעט אין זייער פאַרגעניגען צו באַגעהן די אַלע ברוטאַליטעטן אַז עס איז שווער צו באַגרייפן אַז א „מענש״ וואָס איז באַשאַפן בצלם אלוקים, זאָל זיין פעהיג דאָס צו טאָן !...

אפילו די אינסטיטוציע פון רויטן קרייץ, וואָס ביי אַלע פעלקער סימבאַליזירט אזא אָרגאניזאציע מיט נאָבעלקייט, מיט מיטלייד און רחמנות, מיט העלפן דעם נויטבאַדערפטיגן, דעם פאַרוואונדעטן, דעם הונגעריקן און איז רעספּעקטירט ביי אלע פעלקער. אָט אפילו די דאָזיגע אינסטיטוציע איז ביי די דייטשן מיסברויכט געוואָרן און ז׳ איז באַנוצט געוואָרן אין דער דינסט פון ברוטאַלער מאָרד... איך אליין האָב גאַנץ אָפט געזעהן אז דער דייטשער „רויטער קרייץ״ האָט געבראכט די פאַיזן געז (גיפט גאַז) פון אוישוויץ קיין בירקענאו, די גאַז מיט וואָס מען האָט פאַרגיפטעט צום טויט מיליאָנען קרבנות... דער גאַז איז געווען אין איין אָפּטיילונג אין דער „טעאַטער־געביידע״.

דער אויסוואורף געבעלס, דער פּראָפּאַגאַנדע מיניסטער פון די נאַציס, האָט דריי טעג בעפאָר דער קאַפּיטולאַציע פון דייטשלאנד, געגעבן אן אינטערוויו דעם שוועדישן זשורנאַליסט אקסעל לארס, פון וואָס איך נעם ארויס איין פאַראַגראַף:

„אויב איך בין שולדיג, דאן איז דאָס גאנצע דייטשע פאָלק שולדיג מיט מיר, פון די העכסטע אויטאָריטעטן ביז די נידעריגסטע אדמיניסטראציעס און די גרויסע מאַסע דייטשן, זיי אַלע האָבן איינגעשטימט, באוואוסטזיניג און מיט געוויסענלאָזיגקייט, מיט אלע אופנים, מעטאָדן און מיטלען... עס איז ניט געווען קיין אָפּאָזיציע, קיין געגנערשאפט. דאָס גאנצע דייטשע פאָלק איז געשטאַנען מיט מיר, און איצט וועט זי פאַלן מיט מיר... מיר דערוואַרטן ניט קיין רחמנות, אָבער קיינער קען אויך ניט דערוואַרטן אז מיר וועלן מאכן די לאגע גרינגער פאר וועמען עס איז... מיר ווייסן אז מיר האָבן אויסגעקליבן אזעלכע

עקסטרעמען וואָס איז נאָר פאַרבליבן די מעגליכקייט צו זיגן אָדער אונטערצוגעהן. צוליב דעם האָבן מיר אָפּגעוואָרפן אַלע געשריבענע און ניט געשריבענע געזעצן פון דער מענשליכער געזעלשאַפט... אלס א רעזולטאַט פון דעם פילן מיר ניט די פיינליכע און שעדליכע ליבע צו דער מענשהייט... מיר האָבן אָנגעהויבן אַן אומגליקליכע פאַרניכטענדע מלחמה, ניט רעכענדיג זיך מיט קיינע קאָמפּראָמיסן, און מיר האָבן פאַרניכטעט דעם אינווייניגסטן שונא... איצט זיינען שוין מער ניטאָ קיינע קאָמפּראָמיסן... מיר האָבן פאַרברענט אַלע בריקן הינטער זיך, און איך אליין וועל באַגעהן זעלבסטמאָרד״...

אָט דער גרעסטער לומפּ געבעלס, די צווייטע האַנט פון דעם נאָך גרעסערן לומפּ היטלער, האָט דריי טעג פאַר זיין פּגירה, נעמענדיג זיין לעבן דורך זיינע אייגענע הענט, צוגעגעבן אַז דאָס גאַנצע דייטשע פאָלק האָט זיך באַטייליגט אין דעם גרויזאַמסטען פאַרברעכן געגן דער מענשהייט, זינט די וועלט עקזיסטירט... ווייזט אויס אז דאָס אומברײנגען 6 מיליאָן אידן איז נאָך ניט גענוג פאַר די דייטשן, קומען דייטשע וויסענשאַפט משחיתים־עקספּערטן און העלפן נאַסערן מיטן צוועק אומצוברייינגען חלילה דאָס שארית הפליטה פון אידישן פאָלק.

די האָר שטעלט זיך קאַפּויר ווען מען דערמאָנט זיך פון יענע שוידערליכקייטן וואָס די דייטשן זיינען באַגאַנגען געגן דער מענשהייט. אומצובריינגען זעקס מיליאָן אידן דאָס האָט ניט גענומען איין טאָג. עטליכע יאָר האָט דאָס דערשטיקען און פאַרברענען פון די אומגליקליכע קרבנות גענומען. ניט איין גאַז קאַמער און קרעמאַטאָריומס זיינען אויפגעשטעלט געוואָרן, נאָר צענדליגע. אזעלכע גאַז קאַמערן ווי אין אוישוויץ זיינען עטאַבּלירט געוואָרן אין טרעבלינקא, מאַידענעק נעבן לובלין דאכאו, גרויס־ראָזן א א. וו., און אין אנדערע פלעצער אין ווייס רוסלאנד, וואָס איז געווען אונטערן נאַצי. דאָרט האָט מען אומגעבראַכט איבער א מיליאָן פּוילישע אידן, וואָס פריער האָט מען זיי געצוואונגען העלפן בויען דעם אייזנבאַן, און דאַן האָט מען זיי אויסגעשאָכטן. אַלטע, קראַנקע און קינדער אונטער 12 יאָר, האָט מען גלייך געשיקט אין די גאַז קאַמערן, אָהן אויסנאַם. די געזונטע מענער און פרויען וואָס זיי האָבן ניט געקענט נוצן פאַר שקלאַפן ארבייט, פלעגן די דייטשע דאָקטוירים אויסצאַפּן זייער בלוט פאַר מיליטערישע צוועקן, צו האָבן גענוג בלוט פאַר די פאַרוואונדעטע דייטשע זעלנער. מען פלעגט אויסצאַפּן ביזן לעצטן טראָפּן בלוט, און ווען זיי זיינען געווען אזוי אָפּגעשוואַכט, האָט מען זיי געשיקט פאַרברענט צו ווערן אין די קרעמאַטאָריומס. אין אָט די דאָזיגע פאַלן איז דאָס אידישע

בלוט געווען גענוג ריין פאר די דייטשן וואָס האָבן ערקלערט אַלס אומריין יעדן איינעם אין וועמענס אָדערן עס פליסט אידיש בלוט...

עס איז ביי קיינעם פון אונז ניט געווען קיין סוד אז די נאַצי באַנדיטן האָבן געמאכט זייף פון די אידישע הינגעריכטעטע קערפערס. אָט די זייף האָט געהאט א געדרוקטן אויפשריפט מיט די בוכשטאַבען: ר. י. פ. 505 און ר. י. פ. 707 — ריינעם יודישע פעט...

אזוי ווי אין 1944 האָבן די קרעמאַטאָריומס נישט געקענט אויפ־נעמען אזוי פיל פאַרגאַזטע קערפערס, וואָס די גאַז קאַמערן האָבן צוגעשטעלט, האָבן די דייטשן זיך דערטראַכט צו אַ נייעם אופן ווי אזוי פטור צו ווערן פון די קערפערס זיי האָבן באַפוילן צו גראָבן אַ גרויסע גרוב צען ביי צען מעטערס, אַכט מעטער די טיף. אַהין האָט מען אריינגעוואָרפן די קערפערס. דאן האָט מען ארויפגעגאָסן אויף די קערפערס פעטראָל און אָנגעצונדען אַ פייער. די גרוב האָט געהאָט רערן וואָס זיינען געווען פארבונדן מיט א גרויסן קעסל (באַילער) אין וואָס די פעטקייט פון די קערפערס פלעגן ארונטערפליסן, וואָס שפעטער געניצט געוואָרן צו פאַבריצירן זייף... גאַנץ אָפט פלעג איך זעהן לאַסט אויטאָס פול געפאַקט מיט קערפערס, אָבער איך האָב קיינמאָל ניט געקענט אויסגעפינען וואָס מיט זיי האָט פּאַסירט, גאַנץ מעגליך אז מען האָט זיי באַנוצט פאר אנדערע שענדליכע זאכן... מען האָט געשמועסט... דאָס די דייטשן פארוואנדלען זיי פאר לעבנס־מיטעל...

איך טראַכט פון די נידערטרעכטיקייטן וואָס די זיהן און טעכטער פון דייטשן פאָלק זיינען באַגאַנגען טאָג און נאָכט, אַזאַ נידערטרעכטיג־קייט וואָס קיין נאָרמאלער מענש קען עס גאָר ניט באַגרייפן, און איך ווער איבערוועלטיגט מיט פראָטעסט געגען די טעאָריעס פון די פאר־טיידיגער פון די דייטשן, וועלכע האַלטן אַז די פאַרברעכענס וואָס זיינען באַגאַנגען געוואָרן, זאָל מער ניט איבערדערציילט ווערן פאר אונזערע און אויך ניט פאר די צוקונפטיגע דורות, כדי מיט דעם צו פאַרמיידן האַס, וואָס קען דויערן אויף אייביג.

מיר דארפן דאריבער ענטפערן מיט שטאַרקער באַטאָנונג אַז עס איז דער פליכט פון אונזער דור וואָס האָט עס אַלץ איבערגעלעבט, צו דערציילן דעם אמת, און צו פארעפענטליכן די דייטשע פאַרברעכנס, כדי אויפצואוועקן דעם געוויסן פון דער וועלט, צו וואָס דער מענטש איז פעהיג אָפצוטאָן סיי אלס יחיד און סיי אלס פאָלק, ווען די וועלט פארמאָגט ניט אַזעלכע געזעצן וואָס זאָלן צוימען די בעסטיאַלישע אינסטינקטן פון מאַסן פסיכאָז... יעדע פארהוילונג פון אזעלכע נידערטרעכטיגקייטן וואָלט געמיינט פערוועריזיטעט פון אמת און די פעלשונג פון היסטאָריע.

10.

אין די אויבנדערמאָנטע גריבער זיינען אריינגעשליידערט געוואָרן אפילו לעבעדיגע מענשן, אַמערסטן די אלטע, די קראַנקע און קליינע קינדער. דאָרט האָט מען אומגעבראכט אן ערך זעקס הונדערט טויזנט



אַ גרופּע אידען אין דעם קאָנצענטראַציע לאַגער אין אוישוויץ, איידער זיי זענען אריינגעפירט געוואָרן אין די גאַז־קאַמערן.
אויבען, די עס. עס. נאַצי וועכטער.

אידן דורך די 240 טעג וואָס איך האָב זיך געפונען אין אוישוויץ, א חוץ וואָס מען האָט פאַרברענט אין די קרעמאַטאָריומס.

ווען מען האָט געבראַכט די טראַנספּאָרטן מיט די אומגליקליכע אין דער סטאַנציע האָט מען די מענער, פרויען, אינגלעך און מיידלעך וועלכע זיינען געווען פעהיג צו ארבייטן, געטריבן צו דער רעכטער זייט. דאַן האָט מען זיי אריינגעפירט אין גרויסע זאלען, וואו זיי האָבן זיך געמוזט אויסטאָן, וואָס עס האָט געהייסן אז מען דיסאינ־פעקט זיי. דאַן האָט מען זיי אָפּגעגאָלט די האָר פון די קעפּ. אפילו די פרויען האָט מען אָפּגעגאָלט די האָר, אזוי, אז אַלע פרויען זיינען געווען מיט געגאָלטע קעפּ ווי פאַרברעכערינס. דורך דער צייט וואָס מען האָט זיי אלעמען אָפּגעגאָלט, האָט מען זיי דערווייל באַרויבט פון די עטליכע זאַכן, אפילו די וועש, וואָס מען האָט זיי געהאַט דערלויבט מיטצונעמען, ווען מען האָט זיי טראַנספּאָרטירט.

נאָך די דיסאינפעקציע האָבן זיך די מענער אָנגעטאָן אין קליידער וואָס אַרעסטאַנטען טראָגן. די פרויען האָט מען בלויז געגעבן שמאַטעס וואָס האָט קוים באַדעקט זייערע ברוסטן. אָט די דאָזיגע שמאַטעס האָבן באַלאַנגט צו ציגיינערינס ווענען די נאַציס האָבן פאַרגאַזט מיט עטליכע טעג פריער, ווען מען האָט זיי אַהער געבראַכט.

עס האָט געדויערט עטליכע שטונדען אידער מיר האָבן געקראָגן די קליידער און מיר זיינען געווען געצוואונגען צו וואַרטן נאַקעטער־הייט בעפאָר דעם קליידער צימער, אין אַ פראָסטיגן טאָג. פיל פון אונז האָבן געקראָגן לונגען ענטצינדונג פון דער קעלט, און דאַן האָט מען יענע קראַנקע אוועקגעשיקט אין די קרעמאַטאָריומס...

ווען די מענער האָבן אָנגעטאָן זייערע אַרעסטאַנסקע אוניפאָרמס, זיינען זיי אריינגעפאַלן אין אַ שרעקליכער שטימונג, א געפיל אַז מיר האָבן ווירקליך ניט מער עקזיסטירט, אז מיר זיינען ניט מער מענשן נאָר נומערן... נאָך די אלע פּראָצעדורן האָט מען אונז אריינגעפירט אין לאַגער „סי״ וואו עס האָבן זיך געפונען צוויי און דרייסיק באַראַקען. וואו אין נאָרמאַלע צייטן פלעגן זיך דאָרט אויפהאַלטן זעכציג פערד (דאָס האָבן מיר געמערקט פון אַן אלטן אויפשריפט אויף דעם שטאַל), אין אַזא באַראַק וואָס האָט געקענט אריינעמען אין א נויט אַן ערך פון 250 ביז 300 פּערזאָנען, האָט מען אַהין אריינגעקוועטשט 1.500 פרויען. זעקס פרויען האָבן געמוזט שלאָפן אין איין בעטל.

דעם ערשטן טאָג נאָך אונזער אָנקומען האָבן מיר ניט געקראָגן קיין שפּייז, אָבער קיינער וועט זיך ניט וואונדערן ווען איך וועל זאָגן, אז קיינער פון אונז האָט ניט געפילט קיין הונגער, אונטער די אומ־שטענדען, נאָכדעם ווי יעדער פון אונז האָט געהאַט פאַרלאָרן זיינע טייערסטע און ליבסטע, און נאָכדעם ווי מיר האָבן געזעהן די פלאַמען

פון די קרעמאַטאָריום און דערשמעקט דעם ריח פון פאַרברענטע מענשן פלייש...

די וועלכע האָבן נאָך ניט געקענט ארבייטן, האָבן באַדאַרפט וואַרטן אַ שטיקל צייט, אָבער דאָס איז ניט געווען זיי צום גונסטן, ווייל דער בלוט הונט דר. מענגעלע פלעגט אריינקומען יעדן טאָג אין די באַראַקען און ער פלעגט אויסקלייבן אייניגע קרבנות פאר דעם גאַז קאַמער... אין זיין אינספעקציע איז ער געווען באגלייט פון אַ פרוי מיטן נאָמען גרעזא, וועלכע האָט אים געהאָלפן. איידער די קאַנדידאַטן פארן גאַז קאַמער זיינען אַהין געשיקט געוואָרן, האָט מען זיי געצוואונגען צו שרייבן צו זייערע קרובים קאַרטלעך, אז זיי זיינען געזונט. די דאָזיגע קארטלעך זיינען געווען געדרוקטע און זיי האָבן בלויז באַדאַרפט זיי אויספילן מיט די עטליכע ווערטער. די דאָזיגע קארטלעך האָבן געזאָלט דינען צו לאָזן וויסן דער וועלט אַז די פריזאָנער זיינען געזונט און צופרידן אין די לאַגערן. אַט מיט דעם דאָזיגן שווינדל האָבן זיך די נאַציס באַנוצט די גאַנצע צייט, ניט נאָר אָפּצונאַרן די קרבנות נאָר זייערע קרובים, דאָס מען זאָל נישט מאַכן קיין אויפשטאַנד אין דער אָסט און די געטאָס.

מיט עטליכע וואָכן שפּעטער האָב איך אַנדעקט אַן אנדער שווינדל נאָך געמיינער פון דעם ערשטן. דעם 2טען יוני, 1944 זיינען אייניגע נאַצי אויפזעהער ברייגענדיג אונז די אָנגענעמע נייעס אז מיר וועלן זיין ערלויבט צו שרייבן צו אונזערע קרובים און פריינד. די נאַציס אָבער האָבן פארלאנגט אז מיר זאָלן דאַטירן די פּאָסט־קאַרטלעך דעם 12טען יוני, אנשטאט יענעמ׳ס טאָג דאַטום, דעם 2טען יוני. זיי האָבן דערקלערט אז אזוי ווי די קארטלעך דארפן פריער צענזורירט ווערן, וועט נעמען לייגגער דאָס ארויסשיקן. די דאָזיקע ערקלערונג האָט זיך געלייגט אויפן שכל, און מיר האָבן געפילט אז מיר זיינען געזיכערט אַמווייניגיסטן פאר א קורצער צייט. אין דער אמת׳ן האָבן די נאַצי באַנדיטן געהאַט בדעה א סאך פון אונז גלייך צו שיקן אין די גאַז קאַמערן, נאָר זיי האָבן געוואָלט אונז אומגליקליכע, געבן די אילוזיע אז מיר האָבן ניט וואָס צו זאָרגן פאר א ווײַלע.

אויך אין לאַגער בירקענאו האָט מען די אומגליקליכע אידן באַהאַנדעלט מיט דער זעלבער גרויזאמקייט, איבערהויפּט אין דעם בלאָק פון די מענער. דאָרט האָבן זיך געפונען יונגע ציגיינער, וועמען די נאַציס האָבן באַשטימט פאַר „קאַפּאָס״ און כדי אויסצונעמען בעסער ביי די נאַציס, האָבן די דאָזיגע ציגיינער קאַפּאָס געשלאָגן און רחמנות־דיג די אידישע קרבנות, אָהן שום סיבה. אָבער זייער תליונ׳ישע דינסט וואָס זיי האָבן געגעבן צו די נאַציס האָט זיי אויך ניט געראַטעוועט

פון די גאַז קאַמערן... נאָך עטליכע וואָכען דאָרט זיין האָב איך געזעהן ווי מען האָט זיי אָוועקגעפירט צו פאַרגאַזן.

אין דער ערשטער צייט פון אונזער געפינען זיך אין קאָנצענטראַציע לאַגער, האָט מען אונז געהייסן זיך באַטייליגן אויף אַ מיטינג, וואו אונזערע ציגיינערישע און די גרינע דריי עקיגע קרימענאַלן האָבן אונז אַלעמען געוואָרנט אַז די דייטשן האָבן אַזאַ אַפּאַראַטוס מיט וואָס מען קען ענדעקן באהאַלטענע גאָלד, צירונג און אַנדערע ווערטפולע זאַכן, און אויב אימיצער האָט עפּעס פאַרשטעקט אָדער אַראָפּגעשלונגען, וואָרענען זיי אים אַז ער זאָל דאָס גלייך אָפּגעבן. אפילו די וועלכע האָבן ארונטערגעשלונגען אַ גאָלדענע זאַך וועט מען דאָס ביי אים אויסגעפינען. די וועלכע האָבן עפּעס באַהאַלטן אין זייערע שיך אָדער אין איינעם פון די בגדים וועט מען דאָס לייכט קענען אויסגעפינען, און יענער וועט גלייך אויפגעהאַנגען ווערן. דערוויל אַלס אַ דערויף האָבן זיי גענומען שלאָגן אייניגע פון אונז מיט שטעקענס.

זיי, די נאַצי אויפזעהער האָבן זיך גענומען נאָך מער איזדזשעקעווען איבער אונז. כדי אונז נאָך מער צו ערגערן און אויפרייצען האָבן זיי אָנגעצייגט אויף די פלאַמען וואָס קומען ארויס פון די קוימענס פון די קרעמאַטאָריעס און אַ זאָג געטאָן צו אונז: „איר דאַרפט זיך איצט שעצען גליקליך, ווייל אָט דאָרטן ווערן איצט פאַרברענט אייערע פרויען, קינדער און אייגענע און איר וועט איצט אינגאַנצען זיין פריי, אָהן זאָרג, אייערע אייגענע געהן איצט ארויף מיט די פלאַמען אין הימל...".

ווען אָט די זעלבע רייד זיינען דורך די בעסטיעס באַנוצט געוואָרן אין לאַגער פון די פרויען, האָט דאָרט אויסגעבראָכן אַ שרעקליכע פּאַניקע. די פרויען זיינען געוואָרן אזוי היסטעריש, יאָמערנדיג און שרייענדיג, אַז עס האָבן ניט געהאָלפן די בייטשן און די שטעקענס מיט וואָס די נאַציכעס האָבן זיי געשלאָגן. אַזעלכע סצענעס האָבן זיך געצויגן פאַר פיל שטונדען. כדי איינצושטילן די דאָזיגע פרויען האָבן זיי אריינגעטאָן דראָגס אין זייערע שפּייזן.

צוויי טעג נאָך אונזער אָנקומען אין לאַגער, האָבן מיר געקראָגן אונזערע ערשטע מאָלצייטן, מען האָט אונז געגעבן טעע אָהן צוקער, וואָס פינף מענשן האָבן באַדאַרפט טרינקען פון איין טעפּעל. עס האָט פּאַסירט אַז דער ערשטער וועלכער האָט גענומען טרינקען, האָט ניט געוואוסט אָדער ניט פאַרשטאַנען אַז ער האָט באַדאַרפט אויסזופן בלויז אַ געוויסע טייל פון טעע, און ער האָט אויסגעטרונקען אינגאַנצען, האָבן די נאַציס אים גלייך ארויסגעפירט און אים אזוי געשלאָגן, אַז ער איז געפאַלן אַ טויטער...

ביטאָג האָט מען אונז געגעבן אַ ביסל זופּ, ארום אַ האַלבן ליטער,

עס איז צוגעגרייט געוואָרען פון אלטע פאַרשימעלטע ברויט און אַנ־
דערע רעשטלעך שפייז, וואָס די דעפּאָרטירטע האָבן געהאט מיטגע־
נומען מיט זיך, און וואָס מען האָט פון זיי דאָס צוגענומען. מען האָט
אונז געגעבען אַזעלכע שפייז וואָס מען וואָלט ניט געגעבן צו חזירים.
אזוי ווי עס זיינען געווען קיינע טעלער, לעפל און גאָפּל, האָבן עטליכע
פריזאָנערס באַדאַרפט עסן פון איין שיסל. אזוי ווי זיי זיינען אַלע מאָל
געווען הונגעריק, פלעגט מען אויסלעקן די שפייז, און אזוי ווי וואַסער
איז ניט געווען צופיל, האָט מען די שיסלעך קיינמאָל ניט געוואַשן,
נאָר אריינגעלייגט מער שפייז אין די שמוציגע שיסלען... אזוי האָט
זיך פארשפרייט שווינדזוכט און אנדערע קלעפּיגע קראַנקהייטן.

איך וועל ברייגנען איין ביישפיל ווי גרויס עס איז געווען דער
הונגער פון די פריזאָנערס אין דעם ערשטן חדש פון אונזער זיין אין
אוישוויץ־בירקענאו לאַגערן. דאָס וואָס האָט פּאַסירט וועט פאר די
וועלכע לעבן אַ נאָרמאַלן לעבן, זיין אומגלויבליך. מען האָט איינמאָל
געבראַכט אַ קעסל זופּ פאר אַ צאָל פריזאָנערס, מען האָט אָבער ניט
געבראַכט קיינע שיסלען, טעלער, לעפל אָדער גאָפּלען. דער הונגער
איז געווען אזוי שטאַרק, דער הייסער געקעכץ ווי שלעכט עס איז ניט
געווען, האָט געררייצט די נאָזלעכער. דאָ שטעהן אַלע הילפלאָז ארום
דעם הייסן קעסעל זופּ און עס איז ניט פאַראַן מיט וואָס דאָס צו
ברייינגען צום מויל. דאן האָט אימיצער אויסגעטאָן זיינע הילצערנע
שיך און אָנגעשעפּט זופּ מיט דעם. די אַנדערע האָבן נאָכגעטאָן זיין
ביישפּיל, זיי האָבן אָנגעשעפּט זופּ מיט זייערע הילצערנע שיך און
געזופּט, אזוי שטאַרק האָט זיי געפּייניגט דער הונגער... טראָץ
דעם וואָס זיי האָבן געקענט ערוואַרטן די האַרבסטע שטראָף,
פאר דעם, ווען מען וועט זיך דערפון דערוויסן, האָבן זיי זיך ניט
געקענט באַהערשן צוליב דעם הונגער וואָס האָט זיי שטאַרק געפּייניגט.

די נאַציס האָבן אויסגעקליבן פון די פריזאָנערס די אַלע האַנד־
ווערקער, פאַכלייט, די מערסטע פון זיי זיינען געווען צווישן די פוילישע
אידן.

ווען מען האָט אויסגעקליבן איינעם פון אונז פאר ארבייט האָט
מען אויסגעטאַטואירט אויף זיין לינקער אָרעם אַ נומער. אויף מיין
לינקער האַנט האָט מען אויסגעטאַטואירט דעם נומער „עי־12248“.
און איך וועל שוין דאָס דאַרפן טראָגן אזוי לאַנג ווי איך לעב...
אַ טאַטואירטער מאַן איז געווען בלויז אַ נומער... זיין פּערזענ־
ליכקייט איז אינגאַנצען פאַרניכטעט, יאָ, ער איז בלויז א נומער און
מיין נומער איז געווען — עי 12248...

עס איז געווען זעהר כאַראַקטעריסטיש פאר די נאַצי גענגסטערס
מערדער, אז אזוי שנעל ווי אַ טראַנספּאָרט איז אָנגעקומען איז די

ערשטע זאַך וואָס מען האָט געפרעגט יעדן איינעם, וויפיל גאָלדענע ציינער ער האָט אין זיין מויל. זיין ענטפער האָט מען גלייך רעגיס־טרירט אין דער פּאָליס דעפּאַרטמענט. אָט דאָס איז געווען זעהר וויכטיג פאר זיי, ווייל דער באַשלוס צו שיקן פון די ארבייטער אין גאַז קאַמער, איז געווען געווענדעט וויפיל גאָלדענע צייהנער ער פארמאָגט אין מויל. אויב ער פאַרמאָגט עטליכע גאָלדענע צייהנער, האָט דאָס געקענט אַריבערוועגען זיין גורל און אים שיקן אין גאַז קאַמער... אָט דאָס איז געווען אפילו וויכטיגער ווי דעם פריזאָנערס עלטער. מיר האָבן געוואוסט אז יעדער פריזאָנער וועלכער איז עלטער פון פופציג יאָר, איז באַשטימט געוואָרן צום גאַז קאַמער. דאריבער טאקע האָב איך ביי יעדער געלעגענהייט אָנגעזאָגט מיינע מיטליידענדע אַז זיי זאָלן זיך אָנגעבן אינגער און זעהן זיך האַלטן אינגער פון פופציג. כדי דורכ־דעם מעגליך צו ראַטעווען זייערע לעבענס.

פרויען פלעגן פאַרבן זייערע האָר מיט שוואַרצע קוילן און זייערע פנימ׳ער מיט בוריקעס וואָרצלען, אויך פלעגן זיי ציפּען אָדער פּאַטשען די באַקען זיי זאָלן זיין רויט, אויסצוקוקן אינגער און געזינטער און זיי זאָלן זיך קענען נאָך צו פּאַסן צו דער ארבייט, כדי זיך דורך דעם צו ראַטעווען פון טויט, ווייל אויב אימיצער האָט ניט געקענט טאָן די ארבייט ווי עס באדארף צו זיין, פלעגט מען יענעם גלייך שיקן אין גאַז קאַמער...

גאַנץ אָפט פלעגן די נאַציס ניט נאָר ארויסרייסן די גאָלדענע ציין פון זייערע קרבנות, נאָר אויך די ווייסע קינסטליכע צייהן, און מען האָט דאָס אַוועקגעשיקט קיין דייטשלאנד, מיט וואָס די דענ־טיסטן האָבן זיך באַנוצט.

ביים סוף פון 1944 ווען מען האָט צעשטערט אַלע קרעמאַטאָריעס, האָט מען דאָרט געפונען עטליכע קערבלעך מיט ווייסע צייהנער. די קרעמאַטאָריעס האָט מען צעשטערט כדי צו באַהאַלטן פון דער וועלט די אַלע פארברעכענס וואָס זיי זיינען דאָרט באַגאַנגען... דאָס האָבן די נאַציס געטאָן, ווען זיי האָבן געזעהן אז די רוסישע ארמייען דער־נענטהערן זיך, האָבן זיי געוואָלט זוכן אָפּצואווישן אלע שפּורן פון זייערע מערדערליכע פארברעכענס.

צוויי טעג נאָכדעם ווי איך האָב געהאַט געקראָגן מיין נומער טאַ־טואירט, האָט מען מיך געשיקט צו דער קאָנצענטראַציע לאַגער אוישוו־ץ פאר ארבייט. דאָרט האָב איך באַדאַרפט שטעהן אין אַזאַ גערופענעם „קוואראנטין״, איידער מען האָט מיך באַשטימט צו דער עס. עס אנטער־קונפט סטאַר־האוז נומער 1. דער קאַפּאָ פון יענעם בלאָק איז געווען אַ העפטלינג א געוועזענער קאַפּיטאַן וועלכער האָט געקעמפט אין ברודער קריג פון שפּאַניע, אויף דער זייט פון די קאָמוניסטן. ער האָט מיר

ניט געמאַכט צופיל שוועריגקייטן, ניט פאַרלאַנגט דאָס אומעגליכע, און ער האָט אונז אלעמען באַהאַנדעלט ווי מענשן.

אין אָט דעם סטאָר־האוז האָט מען געבראַכט די אַלע אָנגעראַבירטע זאַכן פון גאַנץ אייראָפּע און פון די נייע אָנגעקומענע. עס זיינען געווען א סך אַזעלכע סטאָר־האוזעס אין אוישוויץ. עס איז געווען מיין אויפ־גאַבע און די אויפגאַבע פון מיינע מיטהעלפער, אויסצוסאָרטירן אלע זאַכן פון די טראַנקס, פון די וואַליזעס און פון די ראַנצעס און זעק, וואָס זיינען אַוועקגערויבט געוואָרן פון די טראַנספּאָרטירטע. מיר האָבן אויך באַדאַרפט עקזאַמינירן די טויזנטע קעסטלעך שוועבלעך, ווייל די נאַציס האָבן געוואוסט אַז פיל פון זיי זוכן צו באַהאַלטן קליינע קאָסטבאַרע אַרטיקלען אין די דאָזיגע „מעטש־באָקסעס”. די געפונענע גאָלד און צירונג האָב איך באַדאַרפט איבערגעגבן צו די עס. עס. נאַציס. א זאַך וואָס עס איז מיר ניט געווען שטאַרק צום האַרצן, אָבער איך האָב באַדאַרפט איבערגעבן אַמוויניגסטן אַ קליינע טייל פון דעם . . . איך בין זיך איצט מודה אז ניין טייל פון צעהן האָב איך אריינגעוואָרפן אין פייער פון אויוועז וואָס האָט זיך געפונען אין אונזער צימער, וואו מיר האָבן באַדאַרפט ארבייטן . . . ווען דאָס פייער איז אויסגעגאַנגען, האָב איך גוט באַטראַכט די אַש, צו זעהן אויב עס איז ניט פאַרבליבן קיין גאָלד און אין די דאָסטינג־פען, האָב איך ארויסגעטראָגן די אַש כדי אָפּצואווישן אַלע שפּורן פון גאָלד. איך האָב מיר געמאַכט מיין אויפגאַבע צו ברייננגען פאַר זיי טעגליך, בלויז עטוואָס צירונג פון קליין ווערט.

אין די פרויען וואַליזעס האָט מען געפונען שאַכטלעך מיט פראַנצויזישע געזיכט פודער און אַנדערע קאָסמעטיקס אין די שווערע טויזנטער שאַכטלעך. מיר האָבן געקראָגען אַן אָרדער צו סאָרטירן זעהר פאָרזיכטיג די פודער און די קאָסמעטיקס לויט די שאַכטעלעך פון וואָס זיי זיינען געקומען און לויט זייערע קאָלירען, ווייל אָט די דאָזיגע פודער שאַכטעלעך און די קאָסמעטיקס האָבן געזאָלט געשיקט ווערען צו דייטשלאַנד פאַר די פרויען וועלכע האָבן געליטען פון די באָמבעס, אַלס אַ געשאַנק פון די דייטשע זעלנער. אָבער מיר האָבן סאַבאָטאַזשירט אָט די דאָזיגע אַרבייט צענויפמישענדיג פאַרשידענע סאָרטען און פאַרשידענע קאָלירען; מיר האָבן צעשטערט די אָריגי־נעלע שאַכטלעך, דאָס אַריינגעטאָן אין אַנדערע שאַכטעלעך צוגעבענדיג צו געזיכט פודער אויך פודער פון דראָגס, פון נייטראָ און פון די־די טי...

אָט די דאָזיגע דייטשע פרויען, די נאַציכעס, וועלכע האָבן פאַרגעטערט זייער פירער דעם שוידערליכען טייוול אין מענשן געשטאַלט, אָט די דאָזיגע פרויען וועלכע האָבן ביסלעכווייז גענומען

פאַרזוכען דעם טעם פון באָמבעס פון הימעל וואָס זיינען געקומען פון אַר־עי־עף און פון אַמעריקאַנער עראָפּלאַנען, זאָלען קריגען די אַנגערויבטע זאַכען פון די אידישע אומגליקליכע פרויען? אויב יאָ, טאָ זאָל דאָס זיין געמישט מיט שעדליכע פודער און זאָלען זיי אויך פילען עטוואָס פון דעם ביטערן טעם... אָט די אַלע געמישטע פודער שאַכטעלעך האָט מען איבערגעשיקט קיין דייטשלאַנד.

אָבער אויך אַנדערע ווערטפולע זאַכען האָבען מיר קיין דייטשלאַנד איינוואַגאָנירט.

אין אָט דער סטאָר־הויז האָב איך געאַרבייט צוזאַמען מיט נאָך איין אידן נטע שרייבער, זיבן פּאָליאַקען און צוויי אוקראַינער. ווען איך האָב, צופעליג אויסגעפונען, אַז זיי אַלע האָבען געאַרבייט פּונקט ווי איך, זיינען מיר געוואָרען זעהר פריינדליך און מיר האָבען נאָך עטליכע טעג גענומען ארבייטען האַנט אין האַנט, און מיר האָבען סאָרטירט די זאַכן ווי די דייטשן האָבען עס פאַרדינט. פאַרשטעהט זיך, אַז מיר האָבן ניט געקענט טאָן צו שעדיגן זיי זייער אַ סך, אָבער מיר האָבן באַוויזן צו צעשטערן די מערסטע זאַכען וואָס זיינען געגאַנגען צו דער דייטשער אַרמעע. מיר האָבען צעשטערט, איבערגעפירט און פאַר־ברענט קאָסטבאַרע עמבראָידערי, גאָבעלינס (זיידענע שטאָפען מיט בלומען פאַר טעפּיכער און מעבעל), קליינע אָריענטאַלע טעפּיכער, און אַנדערע זאַכען פון זייד. דער אויוון וואָס איז געשטאַנען אין אונזער סטאָר־הויז האָט פארשלונגען אָט די אלע זאַכען וואָס מיר האָבן אַהין אַריינגעוואָרפען. מיר האָבען אים גערופען: „קליינער קרעמאַ־טאָריום"...

איך האָב געהאַט אַן אַנדער געלעגענהייט צו מיסברויכען מיין אויפגאַבע. איינער פון די עס. עס באַנדיטן האָט אָנגענומען, אַז איך בין געווען אַ באַנק קלוירק אין מיין היים, און ער פלעגט מיר גאַנץ אָפט פרעגן די ווערדע פון געוויסע מטבעות, סטאַקס און קאָסטבאַרע צירונג. איך האָב אים געזאָגט, אַז איך קען ניט אָפּשאַצען די ריכטיגע ווערדע פון די זאַכען, ניט שטודירענדיג די פאַרשידענע רעכענונגען (טעיבעלס) און דעם קאָורס פון עסקטשיינדזש, וואָס ענדערט זיך יעדען טאָג. דער עס. עס, נאַצי האָט מיר געבראַכט די לעצטע צייטונגען און איך האָב דערווייל געהאַט א געלעגענהייט צו וויסן וואָס עס טוט זיך אין דער וועלט און איך האָב אויך געקענט לייענען צווישען די שורות...

.11

אונזער אַרבייט, פאַרשטעהט זיך, איז געווען קאָנטראָלירט. און מיר האָבען געוואוסט גאַנץ גוט אַז מיר שטעלען איין אונזערע לעבענס אין געפאַר, און אַז אונז דערוואַרט דער גאַז קאַמער אָדער די תליה, אויב מען וועט אויסגעפינען אויף וואָס פאַר אַן אופן מיר האָבען דורכגעפירט די נאַצי אָרדערס. אבער אונזער שנאה צו די נאַצי גענגסטער־



אידישע פריזאָנערס ביי דער ארבייט. די דייטשען קאָנטראָלירען.



אידישע פּריזאָנערס ביי דער ארבייט. די דייטשען קאָנטראָלירען.

מערדער פאַר דער טיראַני און טעראָר, איז געווען אַזוי גרויס און אַזוי טיף, אַז מיר האָבן פאַר דעם מאָמענט ניט געצעגערט זיי צו שעדיגען אפילו ווען דאָס זאָל אונז קאָסטען דאָס לעבען.

פון צייט צו צייט איז אונז אויך געלונגען צו באַהאַלטען צירונג און גאָלדענע מטבעות פאַר אוזערע נוצען איך האָב מיר געמאַכט איין געהיימטאַש אין די שיך אינעווייניג, וואָס האָט אונז שפעטער געהאָלפן אַ סך אין די קאָנצענטראַציע לאַגערן, ווייל מיר האָבן געקענט אומבייטן אָט די דאָזיגע זאַכען פאַר שפייז, אין וואָס מיר האָבן זיך תמיד גענויטיגט און אזוי נאָך אויך געהאָלפען פאַר אנדערע.

אַזוי ווי איך האָב קיין אַהנונג ניט געהאַט וועגען גורל פון מיין פרוי און 5 קינדער, ווייל מיך האָט מען סעפעראַט דעפּאָרטירט, האָב איך ניט געוואָגט צו טראַכטען וועגען עפּעס גוטע נייעס פון זיי צו הערן, וויסענדיג, אז זיי זיינען געווען אין די הענט פון די נאַציס. איך בין די גאַנצע צייט געווען אין שטענדיגען אַנגסט און זאָרג. איך האָב ניט אויפגעהערט טראַכטען פון מיינע טייערסטע און ליבסטע פרוי און קינדערלעך. ווען אָבער איך האָב געטראַכט פון דעם גורל פון מיליאָנען פון מיינע ברידער, האָב איך ניט געקאָנט דערוואַרטן אַז מיין גורל וועט זיין בעסער..., ווען איך האָב זיך געטיילט מיט מיינע פריינד מיינע אַנגסטן און זאָרגען, האָבען זיי מיר ניט געגעבען קיינע האָפענונגען.

זיי זיינען געווען גערעכט, ווייל מיר זיינען געווען עדי ראיה (עדות אַליין צוגעזעהן מיט די אויגען) פון אַלעם וואָס עס איז געשעהן אין אוישוויץ. אָבער טראָץ דעם האָב איך ניט אויפגעגעבען די לעצטע האָפענונג, אפשר וועט דאָך געשעהן אַ נס...!

איינמאָל, ווען איך האָב אין דער סטאָר־הויז סאָרטירט די פּעק מיט די פון נאַציס אַנגערויבטע זאַכען, האָב איך באַמערקט זאַכען וואָס האָט געטראָגען מיין נאָמען און דעם נאָמען פון מיינע קרובים, וועלכע האָבען געוואוינט צוזאַמען מיט מיין פאַמיליע אין דער גהעטאָ אין דער צייט ווען די טראַנספּאָרטען זיינען אַוועקגעשיקט פון חוסט. אַ קעלט איז אַ דורך מיין לייב... איך בין געבליבען שטעהן אַ פאַר־גליווערטער איך האָב געקוקט אויף די זאַכען וואָס זיינען אַוועקגערויבט געוואָרען פון מיין אייגענער משפחה... דאָך האָב איך אויף זיכער פון דעם ניט געקענט וויסען וואָס עס איז מיט זיי געשעהן... איך בין געווען גרייט פאַר דאָס ערגסטע, ווייל איך האָב געוואוסט וואָס עס מיינט פאַר אַ מוטער מיט פינף קינדער געבראַכט צו ווערען קיין אוישוויץ... איך האָב אַוועקגעלייגט די זאַכען מיט מיין נאָמען, און איך האָב ניט געקענט באַהערשען מיינע טרערען, ווען איך האָב

געטראַכט אויף וואָס פאַר אַן אופן איך האָב געקראָגען אַ גערוס פון מיין פאַמיליע . . . דער טאָג ווען איך האָב געפונען דעם געפעק פון מיין פאַמיליע איז פאַר מיר געווען דער טרויעריגסטער טאָג אין מיין לעבען.

זייענדיג אַזוי דערשלאָגען פון דעם איינדרוק פון דער פּאַסירונג, וואָס האָט אויף מיר געמאַכט, האָב איך דעם גאַנצען טאָג ניט געקענט אַרבייטען, און דעם צווייטען טאָג האָב איך מיין אַרבייט געטאָן ניט ווי עס באַדאַרף צוזיין, בלויז אָטאָמאַטיש, אַזוי אַז איך בין ניט געווען איבעראַשט אַז מען האָט מיך טראַנספּאָרמירט אין דער סטאָר־הויז נומער 8. דאָרט האָט זיך געפונען אַרום אַכט פורן פון הילצערנע בעטן, וואָס זיינען פאַרבריצירט געוואָרען אין די וואַרשטאַטען פון דער קאָנצענטראַציע קעמפּ, און די זעלבע צאָל פון שטרויענע מאַטראַצן און קישענס וואָס זיינען פאַבריצירט געוואָרען פון די פּריזאָנערס. עס איז דאָרט אויך געווען אַ סטאָר הויז פון פאַרשידענע טעקסטילען (וואולענס), וואָס זיינען אמערסטען געקומען פון די געטאָס. דאָרט זיינען, צום ביישפּיל געווען טויזענטע וואָלענע און זיידענע טליתים, וואָס זיינען אַוועקגערויבט געוואָרען פון אידישע היימען אין פּוילן און אין אונגאַרן. מיר האָבען געפונען אַ גרויסע צאָל פּרוכת׳ן, וואָס איז פאַר אונז געווען אַ באַווייז, אַז אַלע שולן פון גאַנץ אייראָפּע זיינען אויסגעראַבירט געוואָרען, ווייל אין האָב געזעהן זייער אויפשריפט, איידער מען האָט זיי פאַרברענט. מיר האָבען געפונען טויזענטער פּאָר תפילין, וואָס די דייטשן האָבען באַנוצט פאַר שיך־בענדלעך, גאַרטלען און אַנדערע זאַכען וואָס ווערט געמאַכט פון וואָל ווי אויך טליתים האָבן די נאַציס געשיקט קיין לאָדזש, אַז די פאַבריקאַנטען זאָלען זיי פאַרוואַנדלען אין אנדערע טעקסטילען.

איך האָב באַדאַרפט ווייטער סאָרטירען פאַרשידענע זאַכען ווי אין דער ערשטער סטאָרהויז. די בעסטע זאַכען האָט מען, נאַטירליך איבערגעשיקט קיין דייטשלאַנד און אויך צום פראָנט פאַר די דייטשע סאַלדאַטען. זאַכען וואָס זיינען ניט געווען פון גוטען קוואַליטעט האָט מען אַריבערגעשיקט צו די פאַרשידענע קאָנצענטראַציע לאַגערן וואָס האָבען באַלאַנגט צו אוישוויץ. פיל זאַכען זיינען אויך געבראַכט געוואָרען פון אַנדערע לאַגערן צו אונזער לאַגער וואָס זיינען געווען אונטער דער אויפזיכט פון די עס, עס נאַציס ווען נייע נאַצי׳ עס, עס בעסטיעס זיינען געקומען צו אונזער לאַגער, איז די ערשטע זאַך וואָס ויי האָבען געטאָן ווען זיי זיינען אַריינגעקומען אין אונזער סטאָר הויז איז געווען צו זוכען חסרונות אין אונזער אַרבייט און דערווייל האָבען אַן אויסרייד אונז צו שלאָגען.

„איר יודן, שורקעס, איר לעבט נאָך ?! מיר האָבען שוין געמיינט אַז אַלע אידען זיינען שוין פאַרברענט געוואָרען אין העל !" — האָט דער הויפּט פון די נאַצי עס. עס. אויסגערופען און ער האָט זיך געוואָרפען שלאָגען יעדן אידן וואָס עס איז געקומען צו דער האַנט.

אין דעם טייל פון די פרויען קאָנצעטראַציע לאַגער'ס אין בירקענאו האָבען זיך געפונען פון יוני ביז אָקטאָבער 1944 אַן ערך פון 40.000 פון אָט דער צאָל פלעגט דר. מענגעלע, דער בלוט הונט פון לאַגער אוועקשיקען יעדן טאָג הונדערטע פרויען אין דעם גאַז קאַמער, אָבער טראָץ דעם איז די צאָל פון די פרויען אַלעמאָל געבליבן די זעלבע, ווייל יעדען טאָג פלעגען צוקומען נייע טראַנספּאָרטען.

אַזוי ווי דער צאָל פון די נייע אָנגעקומענע איז געווען הויך, האָבען די פרויען ניט געקענט דיסאינפעקטירט ווערן ווי עס באַדאַרף צו זיין, האָט מען זיי פאַר דעם צוועק אַריבערגעשיקט אין אוישוויץ לאַגער. דאָרט איז געווען די אַזוי גערופענע „קורצוועלען" דיס־אינפעקציע סטיישאַן, וועמענס פלאַץ איז געווען דירעקט העכער דער סטאָר הויז נומער 8 וואו איך האָב געאַרבייט. אין אָט דעם דיסאינפעקציע סטעישן האָט מען געבראַכט אָט די דאָזיגע פרויען וועלכע האָבען ניט געהאַט די מעגליכקייטען צו ווערען דיסאינפעקטעט אין בירקענאו לאַגער.

איך האָב אויסגענוצט יעדע געלעגענהייט זיך נאָכצופרעגען אויף מיין פרוי און מיינע קינדער און אַזוי האָב איך אויסגעפרעגט די דאָזיגע פרויען וועגן מיינע ליבסטע און טייערסטע. איין טאָג האָב איך ענדליך געקראָגען די לאַנג דערוואַרטעטע נייעס, אַז מיין ווייב איז נאָך צווישען די לעבעדיגע, און זי געפינט זיך אין בירקענאו אין קאָנצענטראַציע לאַגער „סי", בלאָק 21. עס איז לייכט פאַר־צושטעלען ווי איך האָב דאַן געפילט. טרערן האָבען זיך געשטעלט אין מיינע אויגען טראַכטענדיג אַז קיינער פון מיינע קרובים לעבען שוין ניט מער, און אָט האָב איך ענדליך אויסגעפונען אַז מיין ווייב לעבט...

איך האָב געוואוסט, אַז דער מאַסן מערדער שיקט אַוועק צום גאַז קאַמער אפילו יונגע מוטערס וועלכע זיינען נאָך פעהיג צו אַרבייטן, אָבער טראָץ דעם פלעגט מען זיי שיקען אין די גאַז קאַמערן צוזאַמען מיט זייערע קינדער, אָהן שום רחמנות...

ניט קוקעדיג אויף דער גרויסער געפאַר, האָב איך געשיקט אַ בריוו צו מיין פרוי אין וואָס איך האָב זי געבעטען אַז זי זאָל מיר געבען אַ סימן פון לעבען... מען קען זיך פאָרשטעלען די געפאַר, אויב דער שיקער פון בריוו, אָדער דער דערהאַלטער פון בריוו, אָדער

דער איבערברייינגער פון אַזאַ בריוו וואָלט געכאַפּט געוואָרען, וואָלט מען אַלעמען אויסגעשאָסען.

איך בין געווען איבערגליקליך, ווען נאָך צוויי טעג פון שפּאַנונ־דער דערוואַרטונג, האָב איך דערהאַלטען אַ בריוו פון מיין ווייב, זאָגענדיג מיר אַז זי וועט טאָן אַלצדינג וואָס נאָר מעגליך צו מאַכען אַ פּאַרזוך צו קומען קיין אוישוויץ, צו דיסאינפעקטירט ווערן דאָרט. דער בריוו איז געבראַכט געוואָרען צו מיר דורך אַ פרוי, וועלכע איז געקומען קיין אוישוויץ דיסענפעקטירט צו ווערן. בלויז דאַן ווען איך האָב דערזעהן מיין פרוי׳ס האַנטשריפט בין איך געווען אינגאַנצן איבערצייגט אַז זי איז צווישן די לעבעדיגע.

דערווייל האָט מען מיך באַשטימט צו אַרבייטן אין הויף פון געהילץ, וואָס איז געווען אָפּגערוקט פון דער סטאָר הויז נומער 8 אַרום הונדערט טריט. דאָרט האָבען געאַרבייט אַרום אַ הונדערט מאַן, צווישען אַנדערע ר׳ צבי פּערלמאַן, ר׳ אלימלך גראָס, ר׳ מרדכי ווערצבערגער הערשל פּרענקעל ר׳ שלמה שוחט מונקטש הב׳ פּנחס נפתלי לעבאָוויטש ער איז געווען מיין לעבעדיג סידור׳ל און מחזור׳ל, אונזער אַרבייט איז געווען שניידענדיג די האָלץ, וואָס פלעגען אַריינגעבראַכט ווערען אין הונדער־טער פורען. די קלעצער זיינען אַנגעוואָרפען געוואָרען אין אַ קופּע און אויך שווערע דעמבע־קלעצער, וואָס זיינען געקומען פון ביעלסקער וואַלד, ניט ווייט פון אוישוויץ, האָבען די פריזנערס דאָס אַריבער־געבראַכט אין הויף פון געהילץ — האָלצהויף.

אין אַ מרחק פון אַרום 400 מעטער פון האָלצהויף, האָבען מיר אויפגעשטעלט אַ פּלאַטפאָרמע וואו מיר האָבען אָנגעלאָדעט טעגליך אַרום 80 וואַגאָן פון קלעצער, וואָס מען האָט אַרויסגעשיקט צו די פאַבריקען פון מלחמה אינדוסטריעס אין דייטשלאַנד די האָלץ וואָס איז געבראַכט געוואָרען אין טראָקס פון בעלסק, האָט מען נאָך די סאָרטירוג (דעמבעס, בעראָזע, בוכן א. א. וו.), אָנגעלאָדען אין וואַגאָנען, וואָס פריזנערס אַליין האָבען באַדאַרפט זיך איינשפּאַ־נען ווי פערד און שטופען צו דער דערמאָנטע פּלאַטפאָרמע. דאַן האָבען מיר אָנגעלאָדען די האָלץ אין צוגעגרייטע פורן. איינמאָל האָט אַזאַ קלאָץ, דורך אַן עקסידענט זיך ארונטערגעקייקעלט און איז געפאַלען אויף איינעם פון די פריזנערס. מיר האָבען געוואָלט צו־לויפען אים העלפען, און באַפרייען אים פון דעם שווערען קלאָץ, אָבער דער „קאַפּאָ״ האָט אויסגעשריען: ווייטער ראָלען „מיר געהן אָן מיט דער ארבייט! מען האָט אונז ניט ערלויבט אים צו העלפען, און יענער איז געבליבען ליגען אַ טויטער.

.12

אזוי ווי איך האָב געהאַט באַהאַלטען, אין די שיף, ווערטפולע זאַכען, און אויך דורך די הילף פון איין געוויסען ארא, איז מיר געלונגען זיך צו שטעלען אין פאַרבינדונג מיט 2 עס. עס. לייט, וועלכע האָבען פאַר מיר מעגליך געמאַכט, איך זאָל קענען ריידן צו מיין ווייב. איך האָב געהאַט אַ סך אַרבייט אין געהילץ הויף, שניידענדיג און אויסלייגן די געהילצען. דער בלאַק אויפזעהער אָטטאָ לאש האָט פאַר מיר מעגליך געמאַכט אַז איך זאָל אַרבייטען נעבען די דיס־אינפעקשן סטעישן, און אויף אַזאַ אופן האָב איך געקענט אַריינכאַפּען אַ פּאָר ווערטער מיט די פרויען וועלכע זיינען געבראַכט געוואָרען קיין אוישוויץ פאַר דיסאינפעקציע. ענדליך האָב איך באַגעגענט מיין פרוי. עס איז לייכט זיך פאָרצושטעלען וואָס איך האָב איבער־געלעבט אין יענעם מאָמענט. איך האָב אפילו זי ניט געקענט דער־קענען. פאָר אַ ווייל זיינען מיר אַזוי געשטאַנען און קיין וואָרט ניט געקענט אַרויסריידען. באַלד איז מיין ערשטע פראַגע געווען: „וואָס איז געשעהן צו אונזערע קינדער?"

מיט ציטערענדע ליפען האָט זי מיר דערציילט, אַז מען האָט זי אָוועקגעריסען פון די קינדער, ווען זי האָט געמאכט אַ פאַרזוך זיי צו האלטען. זי האָט מיר געזאָגט, אז איידער מען האָט זי מיט געוואלד אַוועקגענומען, האָבען אירע עלטערן איר צוגעזאָגט, אַז זיי וועלען האַלטען אַן אויג אויף די קינדער. איך האָב שוין באַלד איינגעזעהן, אַז אויך מיין שווער און שוויגער פונקט ווי מיינע קינדער זיינען געוואָרען קרבנות פון דעם בלוט הונט דר. מענגעלע... איך האָב בלויז געקענט זאָגען מיין ווייב: „שטאַרק זיך!"

אָט אַזוי האָב איך געהאַט די מעגליכקייט צו זעהן מיין ווייב עטליכע מאָל און ריידען צו איר. איך האָב אויך געהאַט די מעגליכ־קייט איר צו געבען אַ ביסל שפייז און אונטערוועש. אויך אין בירקענאו האָב איך געהאט א געלעגענהייט צו ריידען צו מיין ווייב ווען איך האָב עפּעס באַדאַרפט טאָן אין יענעם לאַגער. די עס. עס. האָבען מיך אַהין געפירט דורך די פאַרמיטלונג פון ארא. שפּעטער האָב איך באַדאַרפט ברענגען האָלץ קיין בירקענאו, און איך האָב זיך באַנוצט מיט דער געלעגענהייט און געזעהן

מיין ווייב . עס איז געווען אַ זעלטענע סענזאַציע ווען אימיצען האָט זיך איינגעגעבען צו באַזוכען אַ צווייטען אין אַן אַנדער קאָנצענטראַציע לאַגער. עס איז געווען נאָך זעלטענער אַ באַגעגעניש צווישען מאַן און ווייב, עס פאַרשטעהט זיך אַז אַנדערע פרויען האָבען מיר געפרעגט צי איך וויס עפּעס וועגען דעם און דעם מאַן, וואָס האָט באַלאַנגט צו זייער משפּחה. איך האָב זיי פּרובירט צו טרייסטען.

איך האָב זיך באַמיט צו זיין דעם גאַנצען טאָג נעבען דעם סטיישאַן פון די דיסאינפעקשן פאַר די פרויען. איך בין געווען מזל'דיג אין דעם, ווייל איך האָב געקראָגען אַן אָרדער צו באַזאָרגען מיינע מיט־אַרבייטער מיט וואַסער, וואָס איך האָב געבראַכט אין קרוג וואָס האָט געהאַלטען אַרום 50 קוואָרט, דורך דעם אָרדער האָב איך דערווייל געהאַט די געלעגענהייט צו שטילן דעם דורשט פון די אומגליק־ליכע פרויען וועלכע האָבען געוואַרט אויף די'סאינפעקציע, און אין דער זעלבער צייט האָב איך זיי געקענט געבען זאַכן וואָס זיי האָבען נויטיג געברויכט, ווי טעפּלעך, טעלער, לעפל, אַביסל שפּייז און אויך קליידער וואָס איך פלעג פאַר דעם צוועק צוזאמענעמען.

ווייל איך האָב זיך געמיט צו העלפען יעדען איינעם אין אוישוויץ און גרינגער מאַכען פאַר מיינע אָרעמע, אומגליקליכע ברידער מיט־פּריזאָנערס. האָבען פיל פרויען אפילו די וואָס האָבען מיר נישט געקענט זיך נאָכפרעגען אויף שטערן פון חוסט און ווען איך האָב זיי געזאָגט דאָס איך בין דאָס, אזוי האָבען זיי מיך געבעטען: „העלפט מיר.“

איצט דאַרף איך שוין מער קיין מורא ניט האָבען צו דער־ציילען, אַז איך האָב תמיד געהאַט די מעגליכקייט צוזאַמענצוקלייבן עפּעס שפּייז, כדי צו שטילען דערמיט דעם הונגער פון מאַנכע פון די אומגליקליכע. אַז איך האָב דורכדעם איינגעשטעלט מיין לעבען אין גרעסטער געפאַר, ווייסט אַיעדער איינער וועלכער האָט זיך אויפגע־האַלטען אין אוישוויץ. די געפאַר איז געווען ניט נאָר צו קריגען אַ גרויסע שטראָף נאָר אויך צו ציען די אויפמערקזאַמקייט פון די עס, עס לייט, ווייל ווען נאָר מיר זיינען געקומען נאָענט צו די הונגעריגע פרויען און מיידלעך, פלעגן זיי אונז באַלד אַרומרינגלען און בעטן שפּייז. די מאַסן זיינען אַלע מאָל געווען אָנזעהענד, און מען האָט אונז גאַנץ לייכט געקענט ענטדעקען ביי די עס, עס, אָדער ביי אַן אויפזעהרין פון די פרויען. אַזוי ווי איך האָב געקענט פיל פון די גאַרדיענס (אויפזעהער), האָב איך געקענט אויסמאַרקירען צו

העלפן יענע אָרעמע פּרויען, וועלכע האָבען פאַר פיל טעג ניט געגעסן ווי עס באַדאַרף צו זיין.

די עס, עס אויפזועהער האָבען פאַרגעצויגען צו בלייבען אינ־וויניג, ווייל דאָרט האָבען זיי געקענט בעאָבאַכטן די נאַקעטע פרויען מיט אַ צינישן סאַדיזם. און אַזוי ווי צווישען די סאָלדאַטען פון דער „וועהרמאַכט״ זיינען געווען אויך איניגע געוויסענהאָפטע מענשן, איז מיר געלונגען צו קענען עפּעס טאָן פאַר די אומגליקליכע...

דורך יענע באַגעגענישען פלעג איך געוויינליך קריגען נייעס און בריוו פון די פרויען וואָס איך האָב באַדאַרפט איבערגעבען צו זייערע קרובים און באַקאַנטע, און פאַרקערט. מיר האָט אָבער דער־וואַרט אַן אַנדער שווערע אויפגאַבע: ווען נאָר עס איז אָנגעקומען אַ טראַנספּאָרט פרויען פלעגט מען זיי באַלד שיקען צו די דיסאינ־פעקשן סטעישענס. עס פאַרשטעהט זיך, אַז די שרעק אַז דאָס שיקט מען זיי צו די גאַז קאַמערן, האָט זיי אַלעמען באַנומען, און עס איז געוואָרען אַ מאַסן פּסיכאָז און עס איז געווען מיין אויפגאַבע זיי צו באַרוהיגן און זיי פאַרזיכערן, אַז זיי געהען ווירקליך פאַר דיסאינפעקשן.

צוליב דעם סאָרט ארבייט וואָס איך האָב דאָרט געטאָן, צו ברייגנען וואַסער פאַר מיין ארבייטס־קאָמאַנדע, האָב איך געהאַט די מעגליכקייט פון פרייער באַוועגונג אפילו אויסער דעם לאַגער. פאַר־שטעהט זיך ניט הינטער די אויפזועהער. האָב איך געקראָגען די געלעגענהייט צו געפינען די שפּורען צו אַנדערע פאַרברעכנס וואָס די נאַצי־מערדער זיינען באַגאַנגען. אויף דער לינקער זייט פון דער דיסאינפעקשן סטעישן איז געשטאַנען אַ צוויי שטאָקיגע הויז, די אַזוי גערופענע „טעאַטער געביידע״. אַט די דאָזיגע געביידע וואָס איז איצט (1944־45) באַנוצט געוואָרען אַלס סטאָר־הויז פאַר די שרעקליכע פּאַיזן (גיפט) וואָס די נאַצי בלוט הינט האָבען גענוצט פאַר אויסמאָרדען די אידען.

גאַנץ אָפט בין איך געווען אַן עד ראיה און געזעהן ווי אַזוי זיי טראָגען אַרויס די גיפט פון דער געביידע אין בלעכענע קאַנען. אַט די דאָזיגע בלעכענע קאַנען האָבען זיי אָנגעלאָדען אויף אַטאָס אויף וואָס עס איז געווען דער צייכן פון „רויטן־קרייץ״... קען מען זיך פאַרשטעלען אַ גרעסערע איראָניע?... די שרעקליכסטע גיפט צו פאַרגאַזען אומשולדיגע מענשן — אונטער דעם צייכען פון „רעד־קראָס!״.

אויף דער טעראַסע פון דעם „טעאַטער געביידע״ זיינען געלעגען טויזענטער קאַלדערעס, ס׳האָבן באַלאַנגט צו די אומגליקליכע קרבנות

אין קעלער פון דער געביידע האָב איך געזעהן אַ גרויסע צאָל קעסטלעך אָנגעפילט מיט דראָגס, וואָס האָט געהאָלפען אומברייינגען הונדערטער טויזענטער מענשן אין אוישוויץ און אין בירקענאו. דאָס איז געווען די פּאָיזן מיט וואָס די נאַצי מערדער האָבען געמאַכט זייערע שווידער־ליכע עקספּערימענטען, וואָס איז געווען געלייבעלט: וויסענשאַפט־ליכע אויספאָרשונגען און אונטערזוכונגען (ריסוירטש), מיט די פאָלגן פון פיל טויזענטע טויטע... די נאַציס האָבען געהאט פאַרשידענע וועגען ווי אַזוי צו מאָרדען אידען. איינער פלעגט אַ שליידער טאָן עפּעס אַ זאַך נעבען דעם לאַגער גארד, און דאַן באַפעלען איינעם פון די פריזנערס צו ברייינגען יענע זאַך צוריק ווען דער פריזנער האָט דערפילט דעם באַפעל, ווייל ער האָט דאָך קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט ווי צו פאָלגען, פלעגט ער דערשאָסען ווערען דורך די גאַרדס, מיט אַן אויסרייד, אַז מען האָט געמיינט אַז דער פריזאָנער האָט געוואָלט אַנטלויפען דער מערדער האָט נאָך באַקומען אַן אויס־צייכענונג אַלס העלד וועלכער האָט דערשאָסען איינעם וועלכער האָט געוואָלט אַנטלויפען... פאַלס ער איז נישט געגאַנגען האָט איהם דער 2טער דייטש דערשאָסען פאַר נישט אויספאָלגען דעם באַפעל.

איינער פון די אבשויליכסטן און עקעלהאַפטיגען פאַרברעכען איז געווען דאָס פאַרגאַזען פון די מיידלעך און פרויען, וועלכע האָבען פאַרשוואַנגערט פון די נאַציס. פריער האָבען די נאַצי אויסוואורפען געשענדעט די מיידלעך און די פרויען. און ווען מען האָט אויס־געפונען, אַז די דאָזיגע מיידלעך און פרויען זיינען שוואַנגער האָט מען שוין געפונען אַן אויסרייד זיי צו פאַרשיקען אין די גאַז קאַמערן וואו מען האָט זיי אומגעבראַכט, כדי צו פאַרדעקען די נאַצי סעקסועלע פאַרברעכענס געגען די אומגליקליכע. אָבער ניט נאָר די פרויען וואָס האָבען פאַרשוואַנגערט פון די נאַציס האָט מען פאַרגאַזט, נאָר אויך די אומגליקליכע פרויען וועלכע זיינען געבראַכט געוואָרען אין לאַגער שוואַנגערע האָט מען זיי גלייך פאַרגאַזט, ווייל זיי וואָלטען דאָך פון אַזעלכע פרויען ניט געקענט אַרויסקריגען אַרבייט.... זייער זעלטען איז פאָרגעקומען, דאָס די פרוי האָט געקענט פארהוילען די שוואַנגערשאפט ווי אויך דעם געבורט, און אזוי אַרום איז זי ניצול געוואָרן פון איין זיכערן טויט.

אַזוי ווי איינינע פון מיינע קאַמעראַדן האָבען געוואוסט, אַז איך קלייב זיך צו שרייבען אַ בוך וועגען די קאָנצעטראַציע לאַגערען, אויב איך וועל פון דאָרט אַרויס אַ לעבעדיגער, האָט איין אַרבייטער מיטן נאָמען פריטץ נוימאַן, מיך איין טאָג מיטגענומען צייגען די קרעמאַטאָריום פון אוישוויץ, מיר האָבען געקראָגען אַן אָרדער אַריינ־

צוברייגגען אַ לאַסט האָלץ אין אָפּיס פון קרעמאַטאָריום. ווען מיר זיינען אָגעקומען צו דער געביידע, וואָס האָט זיך געפונען אַרום 50 טריט פון דעם אַריינגאַנג צום לאַגער, בין איך געוואָרען העכסט איבעראַשט אויסצוגעפינען, אַז איך פלעג פאַרבייגעהן אָט די דאָזיגע געביידע אָפּט, ניט וויסענדיג, אַז דאָס איז געווען די קרעמאַטאָריום. ווען מיר האָבען זיך אָפּגעשטעלט מיט אונזער לאַסט, זיינען צוויי מיידלעך אַרויסגעקומען פון אָפּיס און גענומען ריידען צו אונז וועגען דעם פּלאַץ וואו אַוועקצולייגען די האָלץ. ביז איצט האָט מען געלייגט די האָלץ אין הויף, אָבער איצט, אַז דער ווינטער קומט אָן, וואָלט געווען בעסער אויב מען וועט האַלטען די האָלץ אין פּלאַץ וואָס איז באַשיצט פון שניי און רעגען.

פון אונזער געשפּרעך מיט די מיידלעך האָבן מיר אויסגעפונען, אַז זיי זיינען אידישע פון סלאָוואקיע, און זיינען אוועקגעשלעפּט געוואָר פון די דייטשען אין 1942. פיל טויזענטע אזעלעכע מיידלעך זיינען געבראַכט געוואָרן צו די שלאַכטפעלדער אַלס „רויב" פון די דייטשע זעלנער. אַ סך פון זיי האָבען געהאַט דעם „גוטען מזל" צו קומען קיין אוישוויץ, און אָט די דאָזיגע מיידלעך זיינען געווען פון די.

אַ צאָל פון די פרויען און מיידלעך זיינען געבראַכט געוואָרען אין אוישוויץ פאַר וויסענשאַפטליכע עקספּערימענטען און אויספאָר־שונגען, וואָס זיינען אויסגעפּרובירט געוואָרען אויף לעבעדיגע מענשן. די דאָזיגע עקספּערימענטען האָבען זיך אַרויסגעוויזען אינגאַנצען צו זיין ניט גוט פון מעדיצינישען שטאַנדפּונקט...

צו מיין גרויסער איבעראַשונג זיינען אָט די צוויי מיידלעך געווען ריין און נעט געקליידעט ווי אַלע אַנדערע פרויען וואָס זיינען געווען אָנגעשטעלט אין דער ס׳ ס׳ אָפּיסביידע מיידלעך האָבען געהאַט זייערע האָר, און ביידע האָבען אויסגעזעהן ווי זיי וואָלטען געהאַט גענוג שפּייז און זיי האָבען טאַקע גלייך, אונז אָנגעבאָטען שפּייז...

נאָך גרעסער איז געווען מיין איבעראַשונג ווען איך האָב געזעהן אַז די דייטשע ס״ס, עס אָפּיצערען האָבען געאַרבייט צוזאַמען מיט די דאָזיגע מיידלעך. דאָס האָט צו מיר אויסגעזעהן מאָדנע. ווען מיר האָבן ווידער אָנגעהויבען ריידען וועגן די האָלץ, האָב איך פאָרגעשלאָגען פאַר די מיידלעך אַוועקצולייגן די האָלץ אין קרעמאַטאָריום, ווייל דאָרט וואָלט געווען דער איינציגער פּלאַץ וואו די האָלץ וואָלט באַשיצט געווען פון רעגען און שניי. איך האָב ביי זיך באַשלאָסען צו זעהן דעם אינווייניג פון אַ קרעמאַטאָריום, וואָס עס זאָל ניט געשעהן... איך האָב געטראַכט, אַז איך וועל דאָרט זעהן מיט מיינע אויגען

זאָכן וואָס איך וועל נאָכהער קענען באַשרייבען, אַז די וועלט זאָל וויסען וואָס אַזוינס דאָס איז געווען.

וויזט אויס, אַז די מיידלעך האָבען פאַרשטאַנען מיינע געדאַנקען. זיי האָבען געפרעגט זייער הויפט און ער האָט צוגעשטימט. אין עטליכע מינוט אַרום זיינען זיי אַרויסגעקומען אין דער באַגלייטונג פון אַן עס, עס סאָלדאַט, וועלכער האָט געעפענט דעם טויער פון קרעמאַטאָריום. דורך וואַנען מיר האָבן אַריינגעטראָגען די האָלץ.

איך האָב געזאָגט מיינע אַרויסהעלפער זיך צו נעמען צייט און אַרבייטען פאַמעלעך, כדי צו האָבען גענוג צייט זיך גוט אַרומצוקוקען אין קרעמאַטאָריום, וואָס מען האָט שוין מער ניט גענוצט. ביידע מיידלעך האָבען זיך געפילט קאַלט. זיינען אַריין אין אַפּיס אַנוואָרעמען. אָבער זיי האָבען פאַרשפּראָכען זיך צוריקצוקערען שפּעטער און ער־קלערען די פאַרשידענע איינצעלהייטען צו מיר.

איינע פון די מיידלעך האָט מיר געזאָגט: געה דורך אַט דער טיר דורך וואָס פיל הונדערטער טויזענטער זיינען דורכגעגאַנגען און האָבען זיך שוין מער קיינמאָל ניט צוריקגעקערט. ווען זיי זיינען אַרויס פון אַט דער געביידע, זיינע זיי אַרויס אין אַשעס ..

ווען איך בין דורכגעגאַנגען דעם אַריינגאַנג האָב איך זיך געפונען אין אַ גרויסען האַל אַרום 225 סקווער מעטער, און אַ גערוך פון טויטע קערפּערס האָט זיך געהערט... אינווייניג און אויף די שאַפעס זיינען געשטאַנען אורנעס (וואַזעס) מיט די אַשעס פון די טויטע אויף וואָס עס זיינען געווען אָנגעשריבען נומערן. ווי די מיידלעך האָבען מיר ערקלערט האָבען די נאַצים דאָס געטאָן כדי אויסצונאַרען געלט פון די קרובים פון די קרבנות, אַרויפשטעלענדיג א נומער פון א קרבן אויף דער אורנע, און זאָגען אַז דאָס איז די אַש פון דעם און דעם פריזאָנער. דאַן פלעגן די נאַצים שרייבען צו די קרובים פון דעם קרבן און פארלאנגען געלט פאַרויס, אויב זיי ווילען האָבען די אַשעס. ניט אַלע האָבען זיי געגלויבט, און געזעהן אין דעם בלויז אַ מיטעל אויף אויסצופּרעסען געלט. זיינען די אורנעס מיט די אַשעס געבליבען שטיין אין דער אלטער קרעמאַטאָריע.

.13

ווען איך האָב באַטראַכט די קרעמאַטאָריע אין אָקטאָבער 1944, האָב איך געקענט זעהן פּאַרדאַרטע שטיקלעך פעט אויף די טירען פון דעם פוירנעס (שמעלץ־אויוועז) און אין די אַשעס האָט מען געקענט מערקען שטיקלעך פון מענשליכע ביינער... אין דער צייט וואָס איך האָב עקזאַמינירט די קרעמאַטאָריע, האָבען מיינע אַרויסהעלפער אָוועקגעלייגט די האָלץ נעבן דער וואַנט אין אַ גרויסע קופּע. דערווייל האָב איך אויסגעפּאָרשט די אַלע איינצעלהייטען. איך האָב אפילו באַטראַכט די שאַפעס מיט די אורנעס, און איך האָב געזעהן די נומערען אָנגעצייכענט אויף זיי...

די מיידלעך האָבען מיר געזאָגט, אז ווען מיר וועלן זאָגן וואָס דער פאַרשוויגן שטאַרק איבעראַשן, איינע פון די מיידלעך האָט געעפענט די טיר וואָס האָט געפירט פון דעם גאַז צימער צו דעם צווייטן צימער, פון וואַנען עס האָט זיך דערטראָגן א שוידערליכער איבעלדיגער גערוך, וואָס האָט מיר שיער ניט געמאַכט צו חלש'ן. אין צענטער פון צימער איז געווען אַ וואַנע און אין א ווינקעל דאָרט זיינען גע־שטאַנען גרויסע פלעשער, פון וואנען עס איז געקומען אן אומבאַ־שרייבליכער גערוך... מיר האָט זיך געדוכט אז איך געפין זיך אין טייפעל'ס ווערקשטאַט, וואו דער טויט קוקט ארויס פון יעדן טריט.

אין אָט דעם צימער — האָט מיר איינע פון די מיידלעך דערציילט, האָט מען געמאַכט עקספּערימענטען מיט די אומגליקליכע קרבנות, מען האָט זיי איינפאַך פאַרמוטשעט צום טויט. די נאַצי מאַסענמערדער, פלעגן אריינטאָן איינעם פון די קרבנות אין וואַנע און געגומען גיסן אויף אים קאַלטע וואַסער, און יעדער ווילע האָבן זיי געמאַכט די וואַסער נאָך קעלטער... זיי האָבן געוואָלט זעהן אין וואָס פאַר אַ דיגרי פון קאַלטקייט וועט דער קרבן שטאַרבן און אונטער וואָס פאַר אַ באַדינגונגען.

דעם זעלבן עקספּערימענט האָבן זיי געמאַכט מיט הייסע וואַסער, וואָס זיי האָבן אָפּגעבריט דעם קרבן מיט הייסע קאָכעדיגע וואַסער. זיי פלעגן פאַרקייטלען די הענט און די פיס פון דעם קרבן, ער זאָל זיך ניט קענען רירן, ביז וואַנען זיי האָבן דורכגעפירט זייער טייוואָל־נישן עקספּערימענט. אַנדערע אומגליקליכע פלעגט מען פריער אָפּגיסן

מיט אייז קאַלטע וואַסער און דערנאָך מיט הייסע וואסער, צו זעהן וואָס פאר אן ענדערונג עס מאַכט אין קערפער, ווען די טעמפעראטור ווערט שנעל געענדערט... דאן פלעגן זיי זוכן אריינצוגעבן איינשפריצונגען צו זעהן, אויב עס איז מיט דעם מעגליך צו ראטעווען אַ מענשן פון טויט, פון פאַרפראָרן ווערן אָדער וועלכער האָט זיך אָפּגעבריט.

די דאָקטוירים האָבן ניט געהאט קיין ערפאָלג זיי צו ראַטעווען... און די אַלע אומגליקליכע זיינען געטויט געוואָרן... די נאַצי דאָקטוירים האָבן דאן געצוקט מיט זייערע אַקסלען און געזאָגט: „ער האָט ניט געהאַט קיין מזל"...

אין דעם זעלבן צימער האָבן זיי אויך געמאכט עקספּערימענטן אויף טויטע קערפּערס. ווי אזוי מען קען אויפלייזען איין קערפער מיט כעמי־קאַלישע שטאָף דאָס מען זאָל ניט דערקענען דאָס עס איז געווען אמאָל אַ מענטש. דאָרט האָט מען געצוואונגענערהייט געצאַפּט דאָס בלוט פון די אומגליקליכע כדי דאָס צו שיקן אויפן שלאַכטפעלד צו געבן בלוט־טראַנספּיוזשאָן צו די פארוואונדעטע דייטשע סאָלדאַטן. נאָכדעם ווי מען האָט אויסגעצאַפּט זייער בלוט האָט מען זיי אוועקגעשיקט אין די גאַז קאַמערן. די פרויען האָט מען אָפּגעשאָרן די האָר, כדי דאָס אויסצו־נוצן פאר עקאָנאָמישע צוועקן. מען האָט אויך ארויסגעריסן די גאָלדענע ציינער און די גאָלדענע „ברידזשעס" פון די מיילער פון די אומגליקליכע קרבנות און די גאָלד האָט מען אַוועקגעשיקט קיין דייטשלאַנד צו דר. שאכט פאר דער דייטשער רייכסבאנק.

די מיידלעך האָבן מיר געזאָגט אז אַט דאָס דאָזיגער צימער איז ניט געזעהן געוואָרן ביי קיין שום מענטשן ניט, בלויז פאר די וועלכע זיינען דאָרט פאַרוואנדעלט געוואָרן אין אַש, מיטן אויסנאַם פון די העכסטע פערזענליכקייטן פון די „זיכערהייטס דינסט" (סעקיוריטי סוירוויס), און אנדערע הויכע בעאַמטע פון בערלין, וועלכע האָבן גע־וואָלט זעהן ווי אזוי מען פירט דורך דעם „פירער'ס" וואונש. הימלער ימ"ש דער רייכסמיניסטער מיט אנדערע הויכע דייטשע בעאַמטע פלעגן קומען קאָנטראָלירן דעם לאגער און דעם קרעמאַטאָריומס פון צייט צו צייט.

דערווייל האָבן מיינע קאַמעראַדן ארויסהעלפער, געענדיגט זייער ארבייט, בלויז עטליכע קלעצער זיינען געלעגן אויפן באָדן, מיר האָבן פאַרלאָזן דעם שוידערהאַפטיגן בנין, און גראָד אין דער צייט איז אריינגעקומען אַ הויפט עס. עס בעאַמטער פון דעם אָפיס פון דער קרעמאַטאָריום. ווען ער האָט אונז דערזעהן, האָט ער געפרעגט וואָס איז דער צוועק פון אונזער שטעהן דאָרט. ווען ער האָט אויסגעפונען אַז מיר האָבן אָנגעלייגט האָלץ אין דעם קרעמאַטאָרים האָט ער זיך



צווישען די עס. עס. נאַצי פירער וועלכע זיינען געקומען באַזוכען די לאַגערן, געפינען זיך אַזעלכע באַרימטע מאַסענמערדער, ווי הימלער, קאַלטענברונער, אייגריבער, ציערייס און קאַד.

**צעפלאַקערט מיט אויפרעגונג און צאָרן אויף דעם צווייטן בעאַמטען וועלכער האָט אונז געגעבן די ערלויבעניש אריינצוגעהן אין דעם קרעמאַטאָריום . . .**

**מיר האָבן געקענט מערקן דורך זייער דזשעסטוקולירן מיט די הענט און מיטן גאנצן קערפּער, אז דער נייער אָנגעקומענער נאַצי בעאַמטער האָט אים פאַרגעוואָרפן פאר האָבענדיג פאַרראַטן די געהיימניס פון זייער „הייליגקייט", דעם קרעמאַטאָריום . . . אין וועלכע די נאַציס האָבן אומגעבראַכט הונדערטע טויזענטער מענשליכע לעבענס, וואָס זיי האָבן זיך געמיט צו האַלטן בסוד פון דער וועלט.**

**דער אַנדערער בעאַמטער האָט באַרואיגט זיין אויפגערעגטען קאַ־מעראַד מיט ווערטער און באַוועגונגען, וואָס מיר האָבן שפּעטער אויס־געפונען פון די וועלכע האָבן געקענט הערן זייער אַמפּערן זיך, אז יענער האָט אים באַרואיגט מיט דער פאַרזיכערונג, אז די אַלע וועלכע געפינען זיך דאָ, וועלן שוין קיין לעבעדיגע ניט ארויס פון דאַנען,**



וואַכ־טורעם, וואָס באַוואַכט דעם קאָנצענטראַציע לאַגער. גאַנץ אויבען, די אידישע פריזאָנערס, אויסגעמאַטערטע פון די שווערע אַרבעט.

און דאריבער וועט זייער סיקרעט קריינמאַל ניט ארויסגעבראכט ווערן אין דער עפענטליכקייט, און ער האָט קיין אורזאך צו זיין באַזאָרגט וועגן דעם. אין דער צייט וואָס די צוויי בעאמטע האָבן אזוי היציג גערעדט צווישן זיך, האָבן מיר זיך שנעל ארויסגערוקט פון טויער און מיר זיינען געוועזן צופרידן צו פארלאָזן דעם שרעקליכן פלאַץ פון טויט.

דורך דער צייט וואָס איך האָב זיך געפונען אין די לאַגערן אוישוויץ און בירקענאו, האָב איך אויסגעפונען אז די נאַציס האָבן עקספערע־מענטירט מיט די פריזאָנערס, מענער און פרויען, אויסצוגעפינען דעם בעסטן אופן ווי אזוי זיי צו סטערעליזירן. אויף די פרויען האָט מיט אָט דעם עקספערימענט דורכגעפירט אין דער געביידע פון עס. עס. לייט און אויף די מענער אין דעם בלאָק 28 אין לאגער גופא.

מען האָט אויך געמאכט עקספערימענטן ווי אזוי צו מאכן פרויען שוואַנגער מיט קינסטליכער באַפרוכטערונג... מען האָט אויך עקס־

פערעמענטירט מיט א סך פון די קרבנות אויף אַזאַ אופן. דער „דאָקטאָר" האָט ארויסגעשניטען אַ שטיק פלייש פון קרבן, דאן האָט ער אים געגעבן אן איינשפריצונג צו זעהן ווי דאָס וועט ווירקן אויף דעם וואונד... מיין פריינד הערפענסעס פון סאטאראַליא איז אויך געווען איינער פון די דאָזיגע „גיני־פיגס". דער נאַצי דאָקטאָר האָט ארויס־געשניטען שטיקער פלייש פון זיין קערפער און ער האָט אים געגעבן איינשפריצונגען אין די וואונדען, וואָס האָט אים פאראורזאַכט שוידער־ליכע יסורים און אייטערראנגען. דער דאָקטאָר האָט ערקלערט, אז דאָס טוט ער אזוי כדי אויסצוגעפינען ווי אזוי מאַנכע סאָלדאטן פאַרקריפּ־לען זיך אויפן שלאכטפעלד, כדי זיך צו באַפרייען פון דינען אין דער אַרמיי.

ארבייטענדיג אין די האָלץ הויפן און דארפענדיג באַזאָרגן די לאַגערן פון אושוויץ און בירקענאו מיט האָלץ, איז מיר אויסגעקומען א סך ארומצוגעהן און איך האָב טעגליך געהאַט די געלעגענהייט צו אַנטדעקן אַנדערע פאַרברעכענס וואָס די נאַציס זיינען באַגאַנגען. איך האָב אויסגעפונען אַז כמעט אַלע צווילינגס זיינען קיינמאָל ניט אריינ־געבראַכט געוואָרן אין די גאַז קאַמערן, נאָר זיי זיינען באַנוצט געוואָרן ביי דר. מענגעלע פאַר מעדעצינישע עקספּערימענטן. מען האָט גענומען בלוט פון צווילינגס וואָס מען האָט אריינגעשפריצט אין פרויען. דער צוועק איז געווען צו געפינען א מעטאָדע צו פארגרעסערן די צאָל פון צווילינגס וואָס וואָלט שפּעטער אויסגענוצט געוואָרן אין דייטשלאנד, צו פארגערסערן די „הערן־פאָלק" באַפעלקערונג.

דער רעזולטאַט פון אָט דעם בלוטצאַפּעניש פון די צווילינגס, האָט געבראַכט טויט צו פיר־פינפטלען פון די צווילינגס, ווייל זיי זיינען געווען צו שוואַך און זעהר שלעכט ערנערט. שפּעטער זיינען אויך אויסגעשטאָרבן די אנדערע צווילינגס, וועלכע זיינען געווען שטאַרק אָפּגעשוואַכט פון דעם עקספּערימענט.

אָבער די גרעסטע באַרבאַרישקייט וואָס די דייטשע נאַציס זיינען באַגאַנגען איז געווען דאָס וואָס זיי האָבן אַראָפּגעהאַקט גלידער (אַ האַנט אָדער א פוס) פון קליינע קינדער, וואָס די נאַצי גענגסטערס האָבן געגעבן אַן אויסרייד, אז דאָס טוען זיי כדי צו שטודירן די מעגליכקייט פון ווידער־געבורט, פון אויפלעבונג פון גלידער דורך דעם וואָס מען וועט זיי איבערפלאַנצען אין אן אַנדער קערפער... זיי אליין האָבן געוואוסט אז דאָס איז אומעגליך, אָבער דערווייל האָבן זיי געהאט אן אויסרייד צו פארקריפּלען אידישע קינדער, כדי צו באַ־פרידיגן זייערע סאַדיסטישע נייגונגען. דאָס וואָס איך האָב צוגעזהן מיט מיינע אויגן איז שפּעטער אויך באַשטעטיגט געוואָרן ביי גרויסע און וויכטיגע פערזענליכקייטען...

אויף דעם באַפעל פון הימלער און פון דעם באַוואוסטן מאַסן מערדער א. אייכמאַן, איז אין די וואַסער פון דעם קאָנצענטראַציע לאַגער וואָס די פריזאָנערס האָבן געטרונקען, האָט מען אַ סאַך מאָהל אריינגעטאָן טיפוס מיקראָבן, כדי צו האָבן די מעגליכקייט צו שטודירן די ווירקונג פון דעם און נאָכדעם אַוועקשיקן די קרבנות אין די גאַז קאַמערן.



אַ אידישער פריזאָנער ווערט פון אַן עס. עס. נאַצי ארויפגעשליידערט אויף אַן עלעקטריפיצירטען שטעכל־דראָט, און ווערט דער׳הרג׳עט.

אין 1945 נאָענט צום סוף פון מלחמה האָבן די נאצי באַנדיטן אויך אָנגעשטעקט די ברויט פון די פריזאָנערס מיט טיפוס באַצילן. דאָס איז געווען א פאַקט וואָס איז באַשטעטיגט געוואָרן ביי די אַמערי־קאַנער און די ענגלענדער וועלכע האָבן באפרייט די פריזאָנערס פון די קאָנצענטראַציע קעמפּס פון בערגן־בעלזן. די ווירקונג פון אָט די באַצילן אָנשטעקונג האָבן פאַראורזאכט אין טויזענטער טויטע, וואָס האָבן זיך געוואַלגערט אין לאַגער. דער גערוך פון די טויטע קערפּערס איז געווען אזוי שוידערליך, אז אפילו פון מלחמה פאַר־האַרטעוועטע סאָלדאטן האָבן עס ניט געקענט איבערטראָגן.

.14

די דיסציפלין אין לאגער איז געווען אזוי שטרענג. מען האָט אונז קיינמאָל ניט געזאָגט וואָס עס איז פאַרבאָטן, ווייל קיין זאַך איז ניט ערלויבט געוואָרן. די נאַצישע שווינדלערישע דיסציפלין איז געווען באַזירט אויף קאָלעקטיווער שולד, און קאָלעקטיווע באַשטראָפונג. אויף אַזאַ אופן האָבן די נאַציס בעסער געקענט דורכפירן די פאַר־ניכטונג ארבייט פון די אידן. צום ביישפיל, ווען איין פריזאָנער האָט פאַרלאָזן זיין גרופע ארבייטער און איז אַנטלאָפן האָט מען באַשטראָפט די גאַנצע גרופע.

אין 1943 האָבן די נאַציס געהאַנגען צוועלף פאָלאקן, ווייל זיי האָבן באלאנגט צו אן ארבייטער גרופע פון וועלכער איין פריזאָנער איז אַנטלאָפן געוואָרן, אויב אן אַנטלאָפענער איז געכאַפּט געוואָרן, האָט מען דאַן אים אויפגעהאַנגען און מען האָט געצוואונגען די מיטגלידער פון זיין גרופע צוצוזעהן דאָס הענגען פון זייער מיטגליד. איין ענליכע עקזעקוציע האָבן מיר געמוזט צוזעהן אין אוישוויץ אין נאָוועמבער 1944.

א יונגער פּאָלאק וואָס האָט געהאט געוויסע פארבינדונגען מיט די פריזאָנערס צוליב זיינע פליכטן, איז געווען באַוואוסט אַלס זעהר א רייכער מאן, וועלכער האָט געהאט א סך גאָלד און אנדערע ווערטפולע זאכן. אן עס. עס. אָפיצער האָט אים צוגעזאָגט צו באפרייען, אויב ער וועט אים אָפּגעבן דאָס גאַנצע גאָלד און די אַנדערע ווערטפולע זאכן. דער עס. עס. אָפיצער האָט אים געזאָלט נעמען אין זיין אויטאָ צום שלאכטפעלד, וואָס איז געווען אן ערך דרייסיג קילאָמעטער פון אויי־שוויץ. דאָרט וואָלט דער פּאָלאק געהאט די מעגליכקייט אריבערצו־לויפן צו די רוסן. ער האָט דאן געטאָן אלץ וואָס ער האָט געקענט ארייִנצוקריגן די גאָלד וואָס ער האָט עס געהאלטן באַהאַלטן. ווען ער האָט ענדילך אלץ געבראכט צום אָפיצער האָט ער מיט אים גע־מאַכט אן אָפּמאַך, און דער נאַצי עס. עס. האָט אים געגעבן זיין ערן וואָרט, צו נעמען דעם פּאָלאק באהאלטן אין א קאַסטן צום שלאכט־פעלד. נאָך עטליכע שעה פון ארומפאָרן האָט זיך דער אָטאָמאָביל אָפּגעשטעלט און דער אָפיצער האָט געזאָגט צום פּאָלאק, אז ער קען שוין ארויס פון קאסטן און ארונטער פון אויטאָ. ווי איבעראַשט דער יונגער פּאָלאַק איז געוואָרן, ווען ער האָט געזעהן אַז ער איז צוריק

אין אײשװיץ, נעבן דעם בונקער, װאו עס זײנען געשטאַנען עטליכע עס. עס לײט, צו זעהן װי דער יונגער פּאָלאַק װעט זיך אױפירן, װען ער װעט אױסגעפינען אז מען האָט אים אָפּגענאַרט. אָבער דער יונגער פּאָלאַק איז ארויס פון אויטאָ און איז מיט שטאָלץ געגאנגען צום בונקער (באַראַק). אין עטליכע טעג ארום האָט מען דעם פּאָלאַק פאַר־אורטײלט צום טויט פאַר מאַכן א פּאַרזוך צו אנטלויפן פון לאַגער. אײדער די הינריכטונג איז דורכגעפירט געװאָרן האָט דער פּאָלאַק אויסגעשריען צו די נאַציס: „הײנט איז מײן רײ, מאָרגן װעט זײן אײער רײ...!"

אין אָקטאָבער 1944 האָבן די נאַציס דורכגעפירט דעם שרעקליכ־סטן און שוידערליכסטן אַקט, אין דעם קאָנצענטראַציע לאַגער אין בירקענאו, װאָס װעט בלײבן דער שענדליכסטער און גרעסטער פלעק אין דער געשיכטע פון דער מענטשהײט. אפילו װען דאָס אלײן װאָלט געװען דער אײנציגער גרויזאַמער פאַרברעכן װאָס די דײטשען זײנען באַגאנגען.

די נאַצי מערדער האָבן צונויפגעזאַמעלט דעם גאַנצען טראַנס־פּאָרט קינדער װאָס איז געבראַכט געװאָרן אין אָקטאָבער און זײ אַװעקגעשיקט אין גאַז קאַמער. די קינדער זײנען אַלע געװען איבער צװעלף יאָר אלט. די אינגערע קינדער האָט מען שוין פאַרגאַזט פריער.

אײדער מען האָט אָנגעהויבן אױסקלײבן אָט די דאָזיגע קינדער, האָבן די נאַציס עטאַבלירט א הילצערנעם יאָך, אַזאַ שטאַנג, אונטער װאָס די קינדער האָבן באַדאַרפט דורכגעהן. די אַלע קינדער װעמענס קעפּ האָבן ניט דערגרײכט דעם הילצערנעם שטאַנג, זײנען באַשטימט געװאָרן צו שיקן אין די גאַז קאַמערן (90 פּראָצענט פון די קינדער האָבן דאָס ניט באַװיזן). מען האָט זײ צענויפגעקליבן אין בלאָק פון װאַנען מען האָט זײ געשיקט אין די גאַז קאַמערן. ניט פיל פון דער גרופּע פון 10 פּראָצענט זײנען געראַטעװעט געװאָרן, אפילו פון אָט דער גרופּע, האָט מען די מערסטע געשיקט צום טויט.

אָט די דאָזיגע אַלע קינדער צוליב די שרעקליכע לײדן װאָס זײ האָבן דורכגעמאַכט און צוליב דעם װאָס זײ זײנען די גאַנצע צײט געװען מיט דערװאַקסענע, זײנען געװען גײסטיג ענטװיקעלט פאַר זײער צײט. זײ האָבן געװאוסט װאָס עס דערװאַרט זײ, װײל נאָכדעם װי זײ זײנען דורכגעגאַנגען אונטער דעם „יאָך" מײנט עס טויט פאַר זײ. זײ האָבן פּרובירט מיט פיסלעך זיך אַביסעל אונטערצוהײבן זײ זאָלן אזוי נאָך דערגרײכען דעם אױבערשטען שטאַנג. זײ זײנען אָבער ברוטאַל געשלאָגען געװאָרן זײ זאָלן שטײן גראָד.

מיט האַרצרײסענדע געװײנען האָבן זײ זיך געבעטן בײ די מערדער זיך צו דערבאַרעמען איבער זײ, מען זאָל זײ ניט פירן צום טויט.

אָבער זייערע געוויינען זיינען געפאַלן אויף טויבע אויערן. די דייטשע מערדער זיינען פון דעם ניט גערירט געוואָרן, פון די ביטערע טרערן פון די יונגע קינדערלעך... שווידערליכע סצענעס זיינען דאָרט פאָר־געקומען. וויסענדיג אַז מען פירט זיי צום שלאַכט הויז, האָבן זיי אַלע געשריען: „טאַטע, מאַמע העלפט אונז... ראַטעוועט אונז״.. אָבער זייערע עלטערן זיינען שוין פון פריער פארגאַזט געוואָרן. די האַרצ־רייסענדע געשרייען פון די קינדער האָבן זיך צעטראָגן איבערן גאַנצן לאַגער. אַ סך פון די אומגליקליכע קינדער האָבן גענומען מתפלל זיין און אויסגעשריען: „שמע ישראל!״...

אין דעם בלאָק וואו מען האָט געהאַלטן די קינדער, ווען מען האָט זיי גענומען פירן צו דעם גאַז קאַמער, האָט מען געפונען אויפ־שריפטן מיט קינדערשע האַנטשריפטן: היינט האָט מען אונז געטויט מיט גאַז, זאָגט קדיש נאָך אונז...! ווען פאַר זייער טויט, האָט מען די קינדער אריינגעבראַכט אין אַ אַנדער בלאָק, האָבן אַ סך פון זיי גע־מאַכט אַ פאַרזוך צו אַנטלויפן, ווייל זיי האָבן געוואוסט אַז קיין ערגערס קען שוין צו זיי ניט געשהען... די עס. עס. מערדער האָבן גענומען שיסן אויף די לויפענדע קינדערלעך ווי אויף האָזן.

דורך דעם האָבן זיי אויסגעדריקט זייער איבערגעבענהייט צו אַדאָלף היטלער ימ״ש, וועלכער האָט געזאָגט אין דער געגענוואַרט פון זיין אויסערן מיניסטער פאָן ריבענטראָפ, צו דעם רייכספירער אַדמיראַל האָרטי, דעם 17־טן אַפּריל 1943:

„מיר האָבן געלייזט די יודן פראַגע אין פוילין זעהר לייכט און איינפאַך. די אידן וועלכע האָבן ניט געוואָלט ארבייטן האָט מען עלימי־נירט. די אידן זיינען פּאַראַזיטן און פאַרדינען ניט קיין רחמנות. מען דאַרף זיי באַהאַנדלען ווי שווינדזוכט באַצילן... איך זעה ניט קיין שום באַרבאַריזם אין דעם. ווען איך טראַכט אַז מיר קוילענען פיל טויזענטע אומשולדיגע בהמות, טאָ פאַרוואָס זאָלן מיר ניט דערמאָרדן די אידן־בעסטיעס...״

אָט די דאָזיגע נאַצי מערדער האָבן אויסגעפאָלגט דעם אָרדער פון זייער פירער און האָבן אויסגעשאָסן די קינדער ווי האָזן... פונדעסט־וועגן איז געלונגען צוויי קינדער צו אַנטלויפן, איינער האָט געהייסן בובי סענדעראָוויץ, און דער צווייטער האָט מען גערופן הערשל פון סאַטמאַרע. איך האָב ביידע אינגלעך זעהר גוט געקענט. מיר האָבן צוגעזעהן דעם שווידערליכן צער און די טראַגעדיע פון יענע טייערע קינדערלעך, ווי מען פירט זיי ווי שאָף צום שלאַכט הויז, אָבער מיר זיינען געווען אַלע הילפלאָז עפּעס צו טאָן. די קינדער פון בלאָק 13 זיינען אַלע פאַרגאַזט געוואָרן. ניט אַלע קינדער האָבן זיך געפונען אין

בלאָק 13. עס זיינען געווען קינדער אויך אין אנדערע בלאָקס. אין יעדן בלאָק האָבן זיך געפונען 150 קינדער.

עטליכע טעג נאָך דער אויבאָנדערמאָנטע טראַגעדיע, האָט דער לאַגער קאָמאנדיר ארויסגעגעבן אן אָרדער אַז 250 קינדער פון די צוויי בלאָקן זאָלן אוועקגעשיקט ווערן אין די גאַז קאַמערן. אָט דער מערדער האָט אפילו ניט געוואָלט קלייבן. ער האָט געגעבן זיין באַפעל זיי צו נעמען און ברייננגען אין די גאַז קאַמערן.

ווען דער אויבערקאָמאנדיר האָט געזעהן ווי דער, אונטער אים, האָט ניט ריכטיג דורכגעפירט זיין אָרדער. ער האָט אַלע 300 קינדער אוועקגעפירט צום פארגאַזען, איז ער אליין אוועק צום גאַז קאַמער און ער האָט פון דאָרט ארויסגעשלעפט 51 קינדער פון „טויטן קאַמער", קינדער וועלכע האָבן שוין קיין האָפענונג ניט געהאט אז זיי וועלן ארויס פון דאָרטן לעבעדיגע...

אָט דער ביישפיל באַווייזט אז יעדער קאָמאנדיר האָט געקענט ראַטעווען א סך לעבנס, פארשטעהט זיך אויב נאָר זיי וואָלטן דאָס געוואָלט. יענער קאָמאַנדיר האָט ניט געראטעוועט די קינדער, פילענדיג אַז ער האָט שוין גענוג קינדער דערמאָרדעט, נאָר ער האָט עס געטאָן צו ווייזן זיין מאַכט, וואָס ער האָט אַלס מיטגליד פון עס. עס. און אז זיינס אַן אָרדער דארף מען ווי געהעריג דורכפירן!

די געראַטעוועטע קינדער זיינען שפעטער געשיקט געוואָרן קיין אוישוויץ, וואו זיי האָבן פארנומען דעם בלאָק 24, דאָס פריערדיגע הויז פון די מוירערר.

ווען עס איז געקומען פון די העכערע אויטאָריטעטן פון בערלין (הימלער איז געווען דער הויפט פון אלע דייטשע קאָנצענטראַציע לאַגערן) די באקאנטמאַכונג אונערוואַרטעט, וועגן א נייעם טראַנספּאָרט וואָס קומט, און אזוי ווי עס איז ניט געווען קיין פלאץ פאר זיי, האָט דער עס. עס. הויפט שוין גלייך געפונען אַ וועג ווי אזוי צו באַזאָרגן פלאַץ פאר דעם נייעם טראַנספּאָרט. ער האָט איינפאַך ארויסגעגעבן אן אָרדער אוועקצושיקן די באַוואוינער פון א בלאָק (וואָס האָבן זיך געפונען לענגער אין אוישוויץ), צו דעם גאַז קאַמער, און עס איז באַלד געוואָרן פלאַץ פאַר די נייע אָנגעקומענע...

.15

איין טאָג ארום דריי אזייגער נאָכמיטאָג, ווען איך האָב געארבייט אין דעם הויף פון די האָלץ, האָב איך געהערט אַ שרעקליכן אויפרייס. עס האָט זיך ארויסגעוויזן אז א רעוואָלוציע האָט אויסגעבראָכן אין דער קאָמפאני פון די זאָנדער־קאָמאנדא (די וועלכע זיינען געצוואונגען צו העלפן די דייטשן אין זייער ארבעט).

דערשלאָגן און איבערדריסיג פון זייער אומווירדיגער און שוידער־ליכער ארבעט העלפענדיג אין דער הינריכטונג פון זייערע ברידער, האָבן זיי אַטאַקירט די קרעמאַטאָריעס מיט אויפרייס מאַטעריאַל און זי אונטערגעצונדען. איידער זיי האָבן אויפגעריסן די קרעמאַטאָריע האָבן זיי דער׳הרג׳עט עטליכע קאַפּאָס און אייניגע פון די עס. עס. לייט וועלכע זיינען געווען אויף שמירה אין די גאַז קאַמערן. ווען די אַנדערע עס. עס. לייט האָבן געזעהן די פלאַמען און רויך, זיינען זיי ארויסגעלאָפן פון זייערע באַראַקען באַוואָפענט. עס האָט זיך אָנגע־הויבן אַ שרעקליכער קאַמף, וואָס האָט זיך געענדיגט מיט אַ נידער־לאגע פאר די זאָנדער־קאָמאנדאָ. צוליב דעם וואָס די עס. עס. זיינען ניט נאָר געווען גרעסער אין צאָל, נאָר אויך זעהר גוט באַוואָפענט.

ווען די שיסעריין האָבן זיך אויפגעהערט האָט דער קאָמאנדיר געאָרדערט אַ באַלדיגע אויספאָרשונג, אויסצוגעפינען ווי אזוי האָבן די זאָנדער־קאָמאנדאָ געקראָגן וואָפן און אַמוניציע. פיר אידישע מיידלעך וועלכע האָבן געארבייט אין די פעקטאָרי יוניאָן, זיינען געפונען געוואָרן שולדיג, אז זיי האָבן דאָס געגעבן די אַמוניציע צו די מיטגלידער פון דער זאָנדער־קאָמאנדאָ. די גאנצע באַשולדיגונג געגן זיי איז געווען באַזירט אויף דעם וואָס אימיצער האָט זיי געזעהן ריידענדיג מיט איינעם פון די פריזאָנערס, וואָס איז געווען איינער פון די אָנ־טיילנעמער אין דער רעוואָלוציע. אָט דאָס איז געווען גענוג צו אַרעס־טירן די מיידלעך און זיי פארווּרטיילן צום טויט . . .

די נאַציס האָבן אויפגעהאנגען די פיר מיידלעך, טראָץ דעם וואָס זיי האָבן געשריען אז זיי זיינען אומשולדיג. זיי האָבן ניט געקענט באַווייזן אז די מיידלעך האָבן פאר זיי געקראָגן דאָס וואָפן, האָט מען זיי באַשולדיגט אז זיי האָבן זיי צוגערעדט צו מאַכן די רעוואָלוציע. אין דער אמת׳ן זיינען די מענטשן פון זאָנדער־קאָמאַנדאָ געטריבן געוואָרן צו רעוואָלטירן צוליב דעם וואָס מען האָט זיי באַפוילן צו

העלפן פאַרגאַזן א גאַנצען טראַנספּאָרט פון אונגאַרישע אידן, וועלכע זיינען באַשטימט געוואָרן צו שיקן אין גאַז קאַמער אויפן צווייטן טאָג נאָכדעם ווי זיי זיינען אָנגעקומען אין אוישוויץ. און זיי האָבן מיט זיך מיטגעברייינגט אויפרייס שטאָף און וואָפן. זייער העלדישער קאַמף און זייער טראַגישן סוף וועט קיינמאָל ניט פארגעסן ווערן ביי די אַלע פּריזאָנערס פון אוישוויץ און בירקענאו.

אָט דער דאָזיגער אויפשטאנד פון די אידישע פּריזאָנערס האָבן געהאט א צעשטערענדע ווירקונג אויף די עס. עס. באנדיטן, ווייל זיי האָבן קיינמאָל ניט דערוואַרטעט אז די אידן וועלן וואַגן זיך געגענשטעלן זייערע פייניגער און זיך מיט זיי אָפּרעכענען. די ערשטע זאַך וואָס דער קאָמאַנדיר האָט געאָרדערט איז געווען צו שיקן צוריק די ארבייטער גרופּן צו זייערע בלאָקס, ווייל ער האָט מורא געהאט אז 50,000 פּריזאָנערס קענען נאָכטאָן דעםביישפּיל פון די לייט פון זאָנדער קאָמאַנדאָ, ווען אזא גרויסע מאָסע מענטשן וואָלטן געמאכט אַן אויפשטאנד, וואָלט מען אַזוי לייכט ניט געקענט אונטערדריקן...

מען האָט געשיקט רופן צוויי טויזנט עס. עס. לייט וועלכע זיינען געווען גוט באַוואָפנט און זיי געשטעלט אויף שמירה אין לאַגער. זיי האָבן געהאַט מאַשין ביקסן, אונז אַלעמען אָנצושרעקן אז מיר זאָלן ניט וואַגן צו טראַכטן פון אַן אויפשטאנד.

אין די אַנדערע קאָנצענטראַציע לאַגערן אין פּוילין, אין די דיסטריקט פון לאָדזש און לובלין האָבן זיך געפונען 85,000 פּריזאָנערס. מען האָט די דאָזיגע לאַגערן ליקווידירט אין יולי און אויגוסט 1944. מען האָט אויפגעגעבען די דאָזיגע לאַגערן, ווייל די רויטע ארמעי האָט זיך גענומען דערנעהנטערן, און אלע פּריזאָנערס פון יענע לאַגערן זיינען געבראכט געוואָרן אין גרויסע טראַנספּאָרטן, קיין אוישוויץ. 90 פּראָצענט פון זיי זיינען געשיקט געוואָרן אין די גאַז קאַמערן אזוי שנעל ווי זיי זיינען אָנגעקומען. די מענשן וועלכע מיר האָבן געזעהן ארונטערקומענדיג פון די טראָקס, האָבן גאָרניט געהאט קיין ענליכקייט צו מענשן. זיי האָבן אויסגעזעהן ווי גייסטער, סקעלעטן....

אָט די דאָזיגע אומגליקליכע קרבנות האָבן זיך געפונען פאר פינף יאָר צייט אין די פארשידענע קאָנצענטראַציע לאַגערן און געהעטאָס. אפילו די וועלכע האָבן געארבייט אין די מלחמה פאַבריקען זיינען געווען אזוי אָפּגעצערט, אז זיי האָבן זיך קוים געקענט באַוועגן פון שוואכקייט, זיי זענען אלע געווען צוקריפּעלטע, רייף פאר די גאַז קאַמערן לויט דער דייטשער טעאָרי...

די אָנגעקומענע פּריזאָנערס האָבן מיט זיך געבראכט מטבעות וואָס האָט זיך גערופען די געהעטאָ געלט, אזעלכע מטבעות האָט מען אויך גענוצט אין דער טשעכישער געהעטאָ פון טערעזין. אָט די געלט

האָבן ניט געהאַט קיין שום ווערדע, פאַר צאָהלען. און זיי זיינען פאַראַנשטאַלטעט געוואָרן ביי די נאַציס אין די פּוילישע געהעטאָס, אָפּצונאַרן דעם אָרעמען ארבייטער.




100

003909






20

נאַצי געטאָ־געלט, וואָס איז ווערט געווען, גאָרנישט.




5

A013






נאַצי געטאָ־געלט, וואָס איז ווערט געווען, גאָרנישט.

דער וועלכער האָט ניט געזעהן אָט יעניגע אומגליקליכע פריזאָנערס קען זיך ניט פאָרשטעלן, ווי אויסגעמאָגערט און אויסגעהונגערט זיי זיינען געווען. מיר האָבן געזעהן ווי זיי האָבן זיך צוגעכאַפּט צו עסן דעם אָפּפאַל, פון ארויסגעוואָרפענע שפּייזן, פארפוילטע בלעטער פון קרויט, ביינער און אנדערע שפּייזן, וואָס זיינען ארויסגעוואָרפן געוואָרן.

מיר אליין זיינען אויך צוגעוואוינט געוואָרן צו שלעכטע שפּייזן, צו פארוואסערדיגע זופּן, צו ציקאָריע אָהן צוקער, אָבער ווען מיר האָבן דערזעהן אָט די דאָזיגע אומגליקליכע פארהונגערטע מענשן, זיינען מיר שטאַרק גערירט געוואָרן, ספּעציעל ווען מיר האָבן געזעהן ווי זיי עסן די פארפוילטע בלעטער און גריזשן די אוועקגעוואָרפענע ביינער...

די פּעקלעך וואָס זיינען געשיקט געוואָרן דורך דעם אינטער־נאַציאָנאַלן רויטן קרייץ, האָבן די נאַצי באַנדיטן צוגענומען פאַר זיך. קיינער פון אונז האָט זיי ניט געקראָגן. נאָך מער, די נאַצי בעסטיעס האָבן אונז געצוואונגען זיך אונטערצושרייבן אַז מיר האָבן ערהאַלטן די פּעקלעך. זיי האָבן אפילו אונז געצוואונגען צו שרייבן דאַנק בריוו צו די פאָרשטעהער פון רויטן קרייץ, פאַר די וואונדערליכע פּעקלעך מיט שפּייז, וואָס מיר האָבן ערהאַלטן, אין דער צייט וואָס מיר האָבן אפילו זיי ניט אָנגעקוקט, ווייל די נאַצי רויבער האָבן אַלץ צוגערויבט פאַר זיך...

אין הערבסט פון 1944 האָב איך אָנגעטראָפן אין אוישוויץ א טראַנ־ספּאָרט פון טויזענטע „אַרישע" פּרויען, וועלכע זיינען געקומען פון וואַרשע. פון זיי האָב איך אויסגעפונען פון דעם גהעטאָ אויפשטאַנד וואָס האָט אויסגעבראָכן אין וואַרשע אין 1943, וואָס האָט זיך געענדיגט מיט דער פאַרניכטונג פון דער גאַנצער אידישער באַפעלקערונג. איך האָב זיך געמיהט צו העלפן יענע פּרויען, וועלכע האָבן מיר דער־ציילט דאָס...

אין דער וואַרשעווער גהעטאָ זיינען איינגעפּאַקט געוואָרן 600,000 אידן וואָס זיינען געקומען פון גאַנץ פּוילין. זיי זיינען קאָנצענטרירט געוואָרן אין א קליינעם שטח, און האָבן דאָרט געלעבט אונטער די שוידערליכסטע באַדינגונגען, סיי אין שפּייז און סיי אין וואָהנונגען. אַלץ וואָס האָט זיי דאָרט דערוואַרט איז צו ווערן טראַנספּאָרטירט אין די טויט לאַגערן דערשאָסן אָדער פאַרגאַזט צו ווערן... אַלס רעזולטאַט פון די טעגליכע היגריכטונגען, און הונגער און פון די עפּידעמישע קראַנקהייטען, איז זייער צאָל רעדוצירט געוואָרן פון 600,000 צו 60,000 נפשות אין דער וואַרשעווער גהעטאָ.

ווען די נאַציס זיינען באַשטאַנען אויף מער פרישע קרבנות און האָבן דאָס געפאָדערט פון דעם אידישן קאָונסיל אין וואַרשע. האָט ער איינגעזעהן, אַז ער איז רעדוצירט געוואָרן בלויז צו דער פונקציע צו העלפן היגריכטן זייערע אייגענע מענשן, האָבן די מיטגלידער פון קאָונסיל, זיי שוין מער ניט געשיקט קיינע נייע קרבנות., נאָר זיי האָבן אָרגאַניזירט אַן אויפשטאַנד וואָס האָט ניט זיין גלייכן אין דער מענש־ליכער געשיכטע, וואָס איז באַוואוסט אַלס דער „וואַרשעווער גהעטאָ אויפשטאַנד", זיי האָבן עטליכע הונדערט דייטשן דערשאָסען אָדער פאַרוואונדעט.

וויסענדיג אַז אָט דער דאָזיגער ווידערשטאַנד געגען די נאַציס איז האָפנונגסלאָז, ווייל די נאַציס זיינען געווען באַוואָפּענט מיט די מאָדערנסטע וואָפן, און וויסענדיג אַז וואָס זאָל ניט געשעהן, ערוואַרט זיי אַלעמען בלויז דער טויט, האָבן די אידן באַשלאָסן צו קעמפן מיט

זייערע לעבענס. זיי האָבן געקעמפט ווי לייבן און אָהן רחמנות׳דיג צום שונא און זיך קיינמאָל ניט אונטערגעגעבן.

עס האָט זיך אָנגעהויבן דאָן, ווען אין אַפּריל 1943 האָבן די נאַציס געפאָדערט טויזענט אידישע קרבנות, דאַן האָבן די אידן פון דער גהעטאָ אין וואַרשע אָנגעהויבן דעם אויפשטאַנד. אין אָנהויב פון קאַמף זיינען די דייטשען באַגעגענט געוואָרן מיט אַזאַ שטאַרקע שיסעריי, אַז זיי האָבן זיך צוריקגעצויגן און געבראַכט פאַרשטאַרקונגען, מיט מער שווערע אַמוניציע, ווי טאַנקען, קאַנאָנען, מאַשין ביקסן און אַנדערע מאָדערנע געפערליכע וואָפן. אויף אַזא אופן האָבן זיי געקענט פאַרנעמען איין גאַס נאָך דער צווייטער, איין הויז נאָך דער צווייטער. אפילו פאַר די איינשטאָקיגע הייזער, האָבן די נאַציס באַדאַרפט שווער קעמפן מיט שווערע פאַרלוסטן.

עס פאַרשטעהט זיך אַז די אידישע באַפעלקערונג האָט פון אָנהויב אָן געוואוסט אַז זיי קענען ניט האָפן צו באַזיגן דעם בלוטיגן שונא, אָבער זיי האָבן געקעמפט געגן די נאַצי בעסטיעס מיט אַלץ וואָס זיי האָבן געהאַט. די וואָפן האָבן די אידישע גהעטאָ קעמפער געקראָגן פון די פוילישע „מאַקוויס״, נאָר אַזוי ווי זיי האָבן ניט געהאַט גענוג וואָפן און די וואָס זיי האָבן יאָ געקראָגן, האָבן זיך ניט געקענט פאַר־גלייכן מיט די מאָדערנסטע שווערע דייטשע וואָפן. אויסער דעם האָבן זיי, די פאַרהונגערטע אויסגעמאָגערטע אידן באַדאַרפט קעמפן געגען גוט אויסגעאיבטע סאָלדאַטן וואָס זיינען דערצו געווען א סך מער אין צאָל, האָבן זיי געקעמפט און געפאַלן אין שלאַכט. אָבער זיי האָבן גע־קעמפט אַזוי העלדיש ווי זייערע אור־עלטערן, די „מכבים״, און דער קאַמף האָט געדויערט נאָך לענגער ווי דער דייטשער קאַמף איינצו־נעמען גאַנץ פוילין. זיי האָבן געצייגט זייערע פיינד, אַז זיי זיינען גרייט צו קעמפן געגן זייערע פייניגער, פאַר זייער פרייהייט....

זאָל דער געדעכניש פון אָט די העלדן איינגעקריצט ווערן אין די בלעטער פון אונזער געשיכטע, מיט אכטונג און כבוד.

אין 1944 האָט אויסגעבראָכן אַן אויפשטאַנד אויך פון די פּאָליאַקען געגען די נאַציס. די רויטע אַרמעי איז שוין געווען גאַנץ נאָענט פון וואַרשע און די פּאָליאַקען האָבן אָנגעהויבן זייער אויפשטאַנד, מיט דער האָפענונג, אַז די רוסן וועלן באַלד אָנקומען. אָבער זיי האָבן אָנ־געהויבן זייער רעוואָלוציע א ביסל צופרי. קיין הילף האָט זיי געקענט דערגרייכן פון די רוסן און זיי זיינען דורכגעפאַלן, די דייטשן האָבן זיי באַזיגט. דאַן האָבן די נאַציס צוגעגרייט א בלוט באָד פאַר די פּאָליאַקען כדי צו פייערן זייער זיג. און האָבען אומגעבראַכט אַלע פּאָליאַקען וועלכע זיינען אריינגעפאַלען צו זיי אין די הענט. זיי האָבן קיינעם ניט געשאָנעוועט... זיי האָבן אויסגע׳הרג׳עט די אַלע אזוי

גערופענע אינטעליגענציע אָהן אויספאָרשונג און אָהן א משפט. די איבעריגע פון דער באַפעלקערונג זיינען אוועקגעשיקט געוואָרן קיין אוישוויץ, וואו זיי האָבן געטיילט דעם זעלבן גורל מיט די אידן.

מיט דעם האָט זיך געענדיגט די פוילישע רעוואָלוציע אין אָק־טאָבער 1944, וואָס האָט זיך געענדיגט אזוי טראַגיש ווי דער אידישער אויפשטאַנד אין דער ווארשעווער געהעטאָ אין אפריל 1943. די פוילישע פרויען פון וועמען איך האָב געקראָגן אָט די דאָזיגע וויכטיגע אינ־פאָרמאַציע זיינען געזעהן געוואָרן בלויז 2 מאָהל און נאָכדעם זיינען זיי פארשוואונדען געוואָרן און מער האָב איך זיי ניט געזעהן...

איך האָב געהערט עטליכע אינטערעסאנטע איינצעלהייטען פון אייניגע מענשן וועלכע האָבן דורך א נס זיך געראטעוועט פון דעם ווארשעווער גיהינום׳ די דאָזיגע מענשן זיינען געוועזן קלמן גרונשטיין און מיינע פלימעניקעס מאיר שטערן נומער 3206 און חיים שטערן נומער 3204.

.16

סוף יולי 1944 האָט דער וואַרשעווער לאַגער קאָמאַנדיר פאַראָרדנט צו עוואַקואירן דעם לאַגער, ווייל די רוסן זיינען שוין געווען אַן ערך פון 30 קילאָמעטער פון דאָרט, דער גרעסטער טייל פון שטאָט איז שוין געווען פאַרניכטעט. אין זיין אָרדער האָט דער קאָמאַנדיר דייטליך פאַראָרדענט, אַז בלויז די וועלכע זיינען פעהיג צו געהן צופוס זאָלן דאָס טאָן, ווייל זיי האָבן באַדאַרפט צו מאַרשירן הונדערטער קילאָ־מעטער, די וועלכע קענען זיך ניט אונטערנעמען צו געהן צופוס וועלן פאָרן אויף טראַקס. די אומגליקליכע פריזאָנערס האָבן פאַרדעכטיגט אַז אין דעם ליגט אַ כיטרער שפּיצעל, האָבן אַפילו די קראַנקע און שוואַכע זיך אָנגעבאָטן צו געהן צופוס, בלויז עטליכע הונדערט פּריזאָ־נערס וועלכע זיינען געווען אַזוי שוואַך, אַז פאַר זיי איז געווען אומ־מעגליך צו געהן צופוס, האָבן געלאָזט וויסן די דייטשן אַז זיי ווינשן צו פאָרן אויף די טראַקס.

עס זיינען ניט פאַריבער קיינע פופצעהן מינוט, ווען די אַנדערע זיינען געשטאַנען אין ריי און געווען גרייט צו מאַרשירן, האָבן זיי געהערט אַ שיסעריי. עס איז באַלד באַקאַנט געוואָרן, אַז דאָס האָבן די נאַציס אויסגעשאָסן די אַלע וועלכע האָבן געזאָגט אַז זיי קענען ניט געהן און האָבן געוואונשן צו פאָרן אויף די טראַקס. מען האָט זיי אַלעמען פאַרזאַמעלט אויף איין פּלאַץ און זיי נאָכדעם אויסגעשאָסן.

אַן אַנדער אָפּטיילונג פון די עס. עס. האָבן געזוכט די קוואַרטירן פון די קראַנקע אין האָספּיטאַל און האָבן צוגעגרייט פאַר די ליגענדע אַ בלוט באָד . . . די געשרייען און יאָמערן פון די אָרעמע אומגליק־ליכע קראַנקע האָבן זיך דערטראָגן צו אונזערע אויערן. די ווענט פון האָספּיטאַל זיינען באַשפּריצט געוואָרן מיט בלוט. מען האָט אויסגע־שאָסן אַלע פּאַציענטן, אַפילו די וועלכע זיינען געווען קאָנוועלעסנעט.

דערווייל האָט זיך דער טראַנספּאָרט ארויסגעלאָזן צופוס אין אַן אונבאַוואוסטער ריכטונג. די וועלכע האָבן אוועקגע׳חלש׳ט פון מיד־קייט, פון ערשעפּונג, אָדער זיי האָבן שוין מער ניט געקענט געהן צופוס, האָט מען אויף אַן אָרט אויסגעשאָסן.

די נאַציס האָבן ניט געוואָלט איבערלאָזן קיין איין לעבעדיגן נפש וועלכער זאָל נאָכדעם קענען זיין אַן עדות צו זייערע גרוילטאַטן. די אַלע קרבנות פון אָט דער דערמאָרדונג זיינען געווען מענשן פון

האָלאַנד און בעלגיע און א סך פון זיי האָבן זיך אויפגעהאַלטן אין דער גהעטאָ פון וואַרשע.

דער טראַנספּאָרט האָט געמאַרשירט ווייטער און ווייטער אין דער שרעקליכער היץ, געטריבן פון די עס. עס. וועלכע האָבן געפּאָדערט אז מען זאָל מאַרשירן וואָס שנעלער, דראָענדיג צו שיסן אַלע וועלכע קענען מער ניט געהן, זיי האָבן ניט געדולדעט קיין פארלאַנגזאַמקייט.

ווען דער טראַנספּאָרט פון אָט די אומגליקליכע, געפּייניגטע פון הונגער און דורשט, האָט דערגרייכט צו דער שלעזישער שטאָט לעסלוי, האָבן הונדערטער פון זיי געוואָרפן צו דער ערד און געשריען אז זיי האָבן ניט געהאַט קיין וואַסער אין דריי טעג צייט. די עס. עס. מערדער וועלכע זיינען געלאָפן אויף מאָטאָרציקלס פון איין גרופּע צו דער צווייטער, האָבן געשריען: „אויב עס איז פאַראַן אן אידישער גאָט, טאָ זאָל ער אייך געבען וואַסער״...

אייניגע פּריזאָנערס האָבן מיט לעפל געגראָבן אין ערד, האָפענדיג צו געפינען עטוואָס פייכקייט, פון וואָס זיי האָבן אויסגעזויגן דאָס וואַסער. און דאָ איז געשען איין גרויסער נס ווי אַמאָהל צו די אידן אין די מדבר, אין דעם דרינגענדסטן נויט האָבן די פּריזאָנערס געפונען וואַסער מיט וואָס זיי האָבן געשטילט זייער דורשט. ווען די דייטשן האָבן דאָס דערזעהן זיינען זיי געבליבן אָהן א לשון...

אין וואַרשע זיינען פארבליבן בלויז די מענשן וועלכע האָבן באַ־לאַנגט צו דער גרופּע פון די „קלינערס״ (רייניגער), וואָס איז באַשטאַ־נען פון 350 מאַן, צו ווע‏מען עס האָט באַלאַנגט סאָלאָמאָן גרינשטיין וועמען איך האָב אויבן דערמאָנט. די אידישע רייניגער זיינען געווען פארבונדן מיט די דייטשע רייניגער, און זיי אַלע האָבן באַדאַרפט ארבייטן זעהר שווער אוועקצופירן די טויטע קערפּערס פון די פּאַצי־ענטן, וועמען די נאַציס האָבן אויסגעמאָרדערט אין די האָספּיטאַלס און אין די פּלעצער פאַר קראַנקע מענשן, און אויך פון די וועלכע זיינען דערמאָרדעט געוואָרן וואַרטענדיג אז די פורן זאָלן זיי אָפּפירן... די דאָזיגע ארבייט האָט געדויערט צוויי טעג. דאַן האָט מען פארברענט די קערפּערס און מען האָט אויסגערייניגט די לאַזאַרעטס פון בלוט.

ווען זיי זיינען פאַרטיג געוואָרן מיט דער ארבייט, האָט מען זיי געשיקט צום סטיישאָן, וואו זיי האָבן געקראָגן אן אָרדער אויסצו־ליידיגן די סטאָר הייזער און אָנלאָדן די וואַרעס אויף די פורן. דריי טעג שפּעטער זיינען די פּריזאָנערס וועלכע זיינען פארבליבן אין די קאָנצענטראַציע לאַגער פון וואַרשע, זיינען באַפרייט געוואָרן דורך די פּוילישע פּאַרטיזאַנער וועלכע האָבן געקעמפט געגן די עס. עס. לייט, ווען זיי האָבן איינגענומען דעם לאַגער האָבן זיי באַפרייט די פּריזאָנערס

און זיי האָבן דער׳הרג׳עט 69 עס. עס. באַנדיטן און 40 מיטגלידער פון ז. ד. (זיכערהייט דינסט).

ארום 175 פּריזאָנערס זיינען באפרייט געוואָרן דורך די פּוילישע פּארטיזאנען. די פון די פּריזאָנערס וועלכע זיינען געווען ווענוג שטאַרק האָבן זיך באַטייליגט אין דער באפרייאונג פון סטיישאָן. דער קאַמף ביים סטיישאָן האָט ניט לאַנג געדויערט, ווייל די עס. עס. לייט האָבן איינגעזעהן זייער הילפלאָזיגקייט און זיי האָבן זיך אונטערגעגעבן באַדינגונגלאָז.

איך האָב אויך אויסגעפונען, אז אין אויגוסט און אין אָקטאָבער איז פאָרגעקומען די אזוי גערופענע „שטילע אויסקלייבונג״ (סעלעקציע) אין די האָספּיטעלער, פון וואָס מיר האָבן קיין אַהנונג ניט געהאַט. נאָך אָט די דאָזיגע אויסקלייבונג, האָט מען די פּאַציענטען אוועק־געשיקט קיין בירקענאו פאר „ערהוילונג״. אָבער יעדער איינער וועלכער האָט געוואוסט די אומשטענדען האָט געוואוסט אז מען האָט זיי געשיקט דירעקט צו די גאַז קאַמערן. אין יענע טראַנספּאָרטן זיינען אויסגע־קליבן געוואָרן זעהר קראַנקע מענטשן, אזעלכע וועלכע זיינען געווען נאָך אן אָפּעראַציע, אָדער מענשן מיט אונהיילבארע קראנקהייטן, אָבער אויך אזעלכע קראנקע וועלכע זיינען אויסגעהיילט געוואָרן, נאָר זיי האָבן געברויכט אויסצורוען עטליכע טעג, כדי צו קומען צו זיך, אָט די אַלע האָבן די נאציס אָנגעלאָדענט אויף טראָקס און געבראכט אין קרעמאַטאָריע . . .

דעם 4טען אָקטאָבער 1944, עלף אזייגער ביינאכט, האָט מען אונז אויפגעוועקט און מיר האָבן געקראָגן אן אָרדער אויפצושטעהן און געהן צו דעם „אַפּעל״ בלויז אין שווירטס (העמדער). אָט דער אָרדער האָט אונז אלעמען שטאַרק דערשיטערט. איבערהויפּט זיינען דער־שראָקן געוואָרן די פּריזאָנערס פון גריכענלאנד, בעלגיען, האָלאנד און אונגארן, ווייל אַזאַ אָרדער איז ארויסגעגעבן געוואָרן צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון דעם קאָנצעטראציע לאַגער אוישוויץ. עס איז געווען שווער צו פארשטעהן אז אפילו די שקלאפן ארבייטער, וואָס לויט דעם נאַצי פּרינציפּ האָבן געהאט א רעכט צו בלייבן לעבן, זאָלען אויך געשיקט ווערן אין די גאז קאמערן ? !

ביז אָקטאָבער 1944 האָבן די נאַציס געהאַט אַ פּרינציפּ, אז די אלע פּריזאָנערס וועלכע האָבן געארבייט פאר דייטשלאנד (אפילו געצוואונ־גענערהייט) זאָלן בלייבן לעבן. אָבער אין אָקטאָבער 1944, האָבן די נאַציס געענדערט זייער באשלוס.

איך האָב גלייך געוואָרענט אייניגע פון מיינע פריינד, ניט צו געהן אַהין און איך האָב זיי געראָטן זיך אויסצובאַהאַלטן, ווייל זיי האָבן אויגעזעהן זעהר שלעכט און אויב עס וועט פאָרקומען אַן אויס־

קלייבונג, וואָלט מען זיי זיכער אויסגעקליבן צו געהן אין גאז קאַמער. איך האָב זיי געזאָגט: „אויב מיר אלע וועלן דארפן געהן צו די גאַז קאַמערן, וועט איר גאָרניט פארלירן, און מאָרגן וועט זיין אייער ריי. אָבער אויב עס וועט זיין א סעלעקשאָן (אויסקלייבונג), מעג איר זיין זיכער, אז מען וועט נאָך היינטיגע נאכט שיקן זיי אין די גאַז קאַמערן. דעריבער האָט איר צייט ביז מאָרגן״... ווען איך בין געווען פארנומען באהאלטענדיג די אַלע וועלכע האָבן אויסגעקוקט דאַר און בלייך, ווי סקעלעטען, האָב איך געטראכט צי איך זאָל זיך אויך אויסבאהאלטן. באַלד אָבער איז אריינגעקומען דער בלאָק פירער מיט זיינע ארויס־העלפער און ער האָט אונז צוגעטריבן צום פראָנט פון בלאָק.

דער קאָמאנדיר האָט אפילו ניט גענומען די מי אונז צו ציילן, ווי ער פלעגט עס געוויינליך טאָן, מיר זיינען אריינגעטריבן געוואָרן אין באָד. דאָרט האָבן מיר באדארפט ארונטערנעמען אונזערע זאכן וואָס מיר האָבן געטראָגן און מיר זיינען פאָרגעבראכט געוואָרן בעפאָר אַ קאָמיסיע, וואָס איז באַשטאַנען פון אייניגע עס. עס. הויכע בעאמטע, אָנגעפירט פון דעם טרויעריג בארימטן קאַדאָג. אין א האָל וואָס איז געווען באַלויכטן מיט סוירטש־לייטס, האָבן מיר באַדאַרפט פּאַראַדירן און די קאָמיסיע האָט באַשלאָסן ווער פון אונז איז פעהיג צו ארבייטן און ווער פון אונז איז רייף פאר דעם גאַז קאַמער...

די וועלכע זיינען געווען באַשטימט פארן גאַז קאַמער, זיינען צו־געשלעפּט געוואָרן צו דעם בלוטהונט קאַדאָג, און דער בלאָק שרייבער האָט פארשריבן דעם נומער פון דעם פריזאָנער אויף א ליסטע. אזוי ווי איך בין שוין איינמאָל דורכגעגאנגען אזא מין „אויסקלייבונג״ האָב איך שוין געהאט ערפארונג און געוואוסט אז די וועלכע געהן פארביי איינ־געבויגען, אָדער מיט א באַנדאַזש, אָדער זיך געשלעפּט לאַנגזאַם, מיט מורא, אָט די אַלע האָבן געקענט ערווארטן דעם אורטייל פון טויט... איך האָב אויך געוואוסט אז די דאָזיגע נאַצי טייוואָלים האָבן געהאט א ווידערווילן געגן אזעלכע וועלכע פלעגן טראָגן ברילן, און אזעלכע פלעגן זיי גלייך באַשטימען פאר די גאַז קאַמערן. איך האָב דעריבער געראָטן אלע קורצזיכטיגע אויסצוטאָן די ברילן איידער זיי געהן צו דער „סעלעקשאָן״. יענע זיינען ווירקליך געראטעוועט געוואָרן דורך דעם. איך אליין האָב זיך אויך געראטעוועט פון אסך אזעלכע געפער־ליכע לאגעס.

נאָך דער „אויסקלייבונג״ זיינען מיר אלע ווידער געטריבן געוואָרן צום בלאָק, ווי אויך די וועמען מען האָט באַשטימט פאר די גאַז קאַמערן. עס איז פארשטענדליך אז יענע נאכט האָט קיינער פון אונז ניט צוגעמאכט מיט קיין אויג. אויף מאָרגן האָט מען שוין די וועלכע זיינען באשטימט געוואָרן צום טויט, ניט גערופן צו דער ארבייט.

זיי האָבן גאָרניט געהאַט צו טאָן נאָר בלויז צו וואַרטן פאַרן סוף...

עס זיינען אָבער אויך געווען אַזעלכע פּריזאָנערס וועלכע זיינען ניט באַשטימט געוואָרען פאַר די גאַז קאַמער, וואָס מען האָט אויך זיי ניט גערופן צו דער אַרבייט. זיי זיינען אַלע געווען דערשראָקן און צערודערט. זיי האָבן ניט פאַרשטאַנען וואָס דאָרט קומט פאָר... שפּעטער ערשט, האָט מען אויסגעפונען אַז איינציגע פּריזאָנערס וועלכע זיינען באַשטימט געוואָרן פאַר די גאַז קאַמערן, איז געלונגען אונטער־צוקויפן דעם בלאָק פאַרשרייבער, און אַנדערע האָבן באַדאַרפט פאַר־נעמען זייערע פּלעצער...

די צום טויט פאַראורטיילטע פּריזאָנערס האָבן באַדאַרפט בלייבן דריי טעג אין בלאָק נומער 10, די אומגליקליכע האָבן שוין געוואוסט וואָס זיי ערוואַרטעט און זיי האָבן די גאַנצע צייט מתפלל געווען און געזאָגט „ווידוי", געזעגענדיג זיך מיטן לעבן... בלויז צוויי מענטשן איז געלונגען צו אַנטלויפן פון בלאָק נומער 10. טראָץ דעם וואָס די נאַצי מערדער האָבן זיי גוט אַרומגעזוכט, האָבן זיי ניט געקענט זיי געפינען פאַר גאַנצע פינף טאָג, אויפן זעקסטען טאָג זיינע די צוויי אַנטלאָפענע פרייוויליג צוריק געקומען אין לאַגער, און זיי האָבן זיך איבערגעגעבן צום גאַרד ביים אריינגאנג טויער. זיי האָבן זיך באַהאַלטן אין אַן אָפּגוס־קאַנאַל (סוער). מיר זיינען געווען זיכער אַז מען וועט זיי פאַר דעם הענגען, אָבער אַ דאַנק גאָ־ט, זיי זיינען געבליבן לעבן. זיי האָבן געלעבט ביז דעם 18טען יאַנואַר 1945, ווען די קאָנצעטראַציע לאַגערן אוישוויץ און בירקענאו זיינען אויסגעליידיגט געוואָרן, צוליב דעם וואָס די רוסישע אַרמייען האָבן זיך גענומען דערנעהנטערן, אַטאַקירענדיג די צוריקטרעטענדע דייטשן. די דאָזיגע צוויי זיינען געווען צווישן די וועלכע האָבן פאַרלאָזן דעם לאַגער, און איך האָף, אַז זיי לעבען נאָך ערגעץ וואו.

אַלע אַנדערע פּריזאָנערס, וועלכע זיינען געווען באַשטימט אין יענער נאַכט, פון דער קאָמיסיע, צו ווערן פאַרגאַזט, האָט מען דעם 7טען אָקטאָבער 1944, אָנגעלאָדן אין טראָקס און געשיקט געוואָרן קיין בירקענאו אין דעם גאַז קאַמער. דער מאַסן מערדער קאַדאַג האָט באַגלייט די קרבנות, זיצענדיג אין זיין אויטאָמאָביל מיט אַ מאַשין ביקס...

.17

עס איז אומעגליך צו באשרייבן די טראגישע, רירענדע סצענעס פון יענע אומגליקליכע צום טויט פאר׳משפט׳ע אומשולדיגע אידן, ווען זיי האָבן זיך מיט אונז געזעגענט. קיינער האָט זיך ניט געקענט באַהערשן און די יאָמערן און די געוויינען האָבן געקענט רירן שטיינער, אָבער ניט די פארשטיינערטע הערצער פון די נאַצי באַנדיטן... צו די „אויסגעקליבענע״ 1260 קרבנות, וועלכע זיינען באשטימט געוואָרן פאר די גאז קאַמערן, האָבן זיי אויך צוגעגעבן די אנדערע פריזאָנערס וועמען מען האָט יענעם טאָג ניט גערופען צו געהן ארבייטן, ווייל זיי האָבן באַדאַרפט זעהן אַ דאָקטאָר, אַ דענטיסט, אָדער א אויגן דאָקטאָר. זיי זיינען אלע פארגאַזט געוואָרן צוזאמען מיט די אנדערע, כדי צו מאכן פלאץ פאר א נייעם טראַנספּאָרט. עס איז געווען זייער טרויעריגער מזל, וואָס זיי האָבן יענעם טאָג ניט געארבעט און דורך א צופאל, זיך געפונען אין לאגער.

די פריזאָנערס פון בירקענאו האָבן געטיילט דעם זעלבן גורל, מען האָט זיי אומגעבראכט דעם 4טען אָקטאָבער 1944. יענעם טאָג האָב איך פארלאָרן מיינע שוואָגערס, שמעלקע שאלאָמאן, וועמענס פרוי איז פארגאזט געוואָרן מיט עטליכע חדשים פריער, צוזאמען מיט פינף קינדער. און מיין שוואָגער טוביה שטערן, וועלכער האָט פארלאָרן זיין פרוי, מיין שוועסטער און ניין קינדער, אויף דעם זעלבן אופן. קיינער פון אָט די דאָזיגע צוויי פאמיליעס איז ניט פארבליבן קיין לעבעדיגער, אויך אסאך פון מיינע קרובים זיינען אזוי אומגעקומען.

אָט די אלע אומגליקען האָבן מיך אזוי דערדריקט, אז איך האָב פארלאָרן אלע אינטערעסן אין לעבן. איך האָב זיך ניט געקענט פאר־שטעלן אז עס איז מעגליך דאָס אלץ איבערצולעבן. ניט נאָר האָב איך פארלאָרן כמעט אלע מיינע קרובים, נאָר אויך פיל פון מיינע לאנדסלייט און אויך די פריינד וועלכע האָבן מיט מיר געארבייט אין הויף פון די האָלץ. די נעמען פון מיינע לאנדסלייט וועלכע זיינען געווען אין אוישוויץ זיינען: אדאלבערט העללער, שמואל שווארץ, דר. ניקאָל־אוס גראָס, דר. עיגען קאַראך, אורי ליעבער, לייב וויינבערגער, צווישן וועלכע די ערשטע צוויי האָבן פארלאָרן זייערע לעבענס אין דעם גיהינום פון אוישוויץ...

דעם 10טן אָקטאָבער האָב איך געקראָגן דעם שרעקליכסטן שאָק. יענעם טאָג האָט מען מיר אינפאָרמירט אז דער בלאָק 21־סי, וואו מיין

פרוי האָט זיך געפונען, האָבן די נאַציס צעטיילט אין צווייען, איין טייל האָבן זיי אוועקגעשיקט קיין דייטשלאַנד, און די אַנדערע העלפט, האָט מען געשיקט אין דעם גאַז קאַמער. דאָס ניט וויסן, דער צווייפל, צו וועלכער פון די צוויי גרופּן האָט באַלאַנגט מיין ווייב, האָט מיר שיער ניט געטריבן צו משוגעת... איך האָב דורכגעמאכט די שרעקליכסטע טעג און נעכט, די אַלע טרייסט־ווערטער און די אויסדריקן פון סימ־פּאַטיע און מיטגעפיל פון מיינע בעקאַנטע, אין מיין פאַרצווייפלטער לאַגע, זיינען געווען אומזיסט. איך האָב אינגאַנצען צוזאַמענגעבראָכן, ווייל איך האָב פאַרלאָרן מיין האָפענונג, ווען עס איז צו זעהן מיין ווייב און מיינע קינדער לעבעדיגע. איך האָב זיך בשום אופן ניט געקענט באַרוהיגן, בלויז אין די שווערע ארבייט האָב איך געקענט שטילן מיינע יסורים און מיין שרעקליכן צער... אין אָט יענע טרויעריגע טעג האָב איך געלייגט מיין איינציגע האָפענונג אויף מיין צווילינג, ווייל איך האָב געוואוסט אז אסך צווילינגס האָבן די נאַציס ניט פאַרגאַזט, נאָר זיי באַנוצט פאַר מעדיציניש עקספּערימענטן. איך האָב געפילט אז איך וואָלט ניט געוואָלט בלייבן לעבן, און ענדליך ווערן באַפרייט, ווען אַלע מיינע נאָענסטע און טייערסטע זיינען שוין מער ניטאָ...

אין אָט דעם צושטאַנד פון טיפער דערשלאָגענקייט, בין איך געווען ביז וואַנען מען האָט מיך אוועקגענומען דורך די פּראָטעקציע פון גראַס, אין האָספּיטאַל. דאָרט אין האָספּיטאַל איז געווען א געהיימע ווערקשטאַט פון שיך, אויף איין בלאָק ביידעם, וואו צוויי קריסטליכע פריזאָנערס מיט די נעמען כמעלאר און קולהאנעק, האָבן געארבייט אין געהיים. זיי פלעגן מאכן שיך פאַר פּראָמינענטע פריזאָנערס וועלכע האָבן געהאט די מעגליכקייט צו באַצאָלן פאַר די שיך מיט שפּייז, פּאַפּיראָסן און טאַבאַק. די לעדער האָבן אריינגעשמוגעלט די ארבייטער וועלכע זיינען געווען פאַרנומען אין פאַבריקען אויסערן לאַגער. די שוסטער האָבן געקראָגן די געוויינליכע האָספּיטאַל שפּייז. מיר האָבן עטאַבילירט דאָרט א זעהר קליינע קיך און מיר האָבן פאַרבעסערט אָט די שפּייזן מיט נאַרהאַפטע „אינגרידיענטס”. איך האָב זיך געמאכט ניצליך, מיט דעם וואָס איך האָב געקאָכט אַלץ וואָס די שוסטער האָבן געקראָגן פאַר זייער ארבייט, ווי קאַרטאָפעל, ציבעלע, פעטס און אַנדערע זאכן. די נויטיגע האָלץ צו הייצען דעם אויווען פון קיך, האָב איך געקראָגן פון האָלץ הויף, וואו איך האָב פריער געארבייט. ווען די ארבייטער האָבן געבראכט האָלץ פאַרן האָספּיטאַל, איז א געוויסער טייל באַנוצט געוואָרן פאַר אונזער קיך. די ארבייטער וועלכע האָבן באַדאַרפט פאַריכטן דעם דאַך פון האָספּיטאַל, האָבן געבראכט עמערס מיט פעך. איז אין א גרויסן עמער האָבן זיי אריינגעטאָן די קאַרטאָפעל

אין איבער זיי ארויפגעגאָסן א דינע שיכט פון פעך. אויף אזא אופן זיינען מיר באזאָרגט געוואָרן מיט קאַרטאָפעל.

איך בין געווען דער הויפט קוכאַר, האָב איך געהאט די מעגליכ־קייט צו שטילן מיין הונגער און אויך העלפן אַנדערע פריזאָנערס מיט שפייז, די וועלכע זיינען געווען קראנק און שוואך. עס זיינען אויך געווען פאַציענטען וועלכע האָבן געמוזט האָבן אַ געוויסע דיעטע, האָב איך שוין געזעהן אז זיי זאָלן עס קריגן. אפילו נאָך איצט, לאַנג נאָכ־דעם ווי איך בין באפרייט געוואָרן פון קאָנצענטראציע לאגער, באַקום איך דאַנק בריוו פון די וועלכע זיינען אַ דאַנק מיר געבליבן לעבן, צווישן וועמען עס איז פון דעם באַרימטען נערוועץ ספעציאַליסט דר. ברונאָ פישער פון פראג, פאר וועמען איך האָב זיך געמיהט צוצוגרייטן יעדן טאָג אַ דיעטע מאָלצייט פאר אים.

אַלס אַ באַלוינונג פאר מיין גוטער ארבייט, איינשטעלענדיג גאַנץ אָפט מיין אייגענעם לעבן, כדי צו העלפן מיינע ברידער אין נויט „אחים לצרה”. האָב איך געהאט דעם כבוד פון א באזוך פון בארימטע און הויכגעשעצטע פערזענליכקייטן, צווישן וועמען עס איז אויך געווען דער בארימטער רב ר׳ אשר ראבינאָוויץ, ער האָט מיר געזאָגט, אז ער וועט מתפלל זיין פאר מיר, אז איך זאָל נאָך זעהן מיין פאַמיליע. די דאָזיגע תפילה און ברכה פון דעם אלטן גוטן רב, איז טיילוויז מקויים געוואָרן.

אין דעצעמבער 1944, האָבן די דאָקטוירים געקראָגן אן אָרדער, צו רעגעסטרירן די אלע וועלכע זיינען געווען אינוואַלידן אָדער אונ־היילבאר. דאָס איז גלייך באקאנט געוואָרן צווישן די פאַציענטן, וועלכע האָבן שוין געוואוסט וואָס דאָס מיינט... זיי זיינען געקומען צו מיר און זיך גענומען בעטן, אז איך זאָל זעהן בעאיינפלוסן די דאָקטוירים ניט ארויפצושטעלן זייערע נעמען אויף דער ליסטע, ווייל דאָס וועט דאָך פאר זיי מיינען גאַז קאַמערן, קרעמאַטאָריומס...

איך האָב אויסגענוצט די פריינדשאַפט וואָס איך האָב זיך ער־וואָרבן פון די דאָקטוירים און זיי געבעטן צו העלפן די אומגליקליכע. עס האָט א ביסל געהאָלפן, די דאָקטוירים האָבן ניט ארויסגעשטעלט דעם גענויען נומער פון די פאַציענטן אויף דער ליסטע און די סעלעק־שאָן איז געוואָרן לייכטער.

אין יענער צייט זיינען געווען אָנגעשטעלט אין דעם האָספּיטאל די פאָלגענדע דאָקטוירים: דר. קאָראך, דר. פרייזינגער, דר. וואלענטין, דר. רוביצעק, דר. סעפקאטי, דר. אייזנדאָרפער, דר. בערמאן און דר. קאַץ, וועלכער איז געקומען פון דרום אפריקא און איז ארעסטירט געוואָרן ביי די נאַציס אין פאריז, וואו ער איז געווען פאר א קורצען באַזוך אין אָנהויב מלחמה.

די פּאַציענטן זיינען געווען אין דער גרעסטער פאַרצווייפלונג, וויסענדיג אז זיך צוגעפינען אויף דער ליסטע, איז דאָס פאר זיי א פּאַספּאָרט צום קרעמאַטאָריום. אייניגע האָבן שוין געזאָגט ווידוי און אָנגעבעטן אז מען זאָל איבערגעבן זייערע קרובים וואָס מיט זיי איז געשעהן.

פון די 890 פּאַציענטן זיינען אוועקגעשיקט געוואָרן בלויז 20 פאר „סעלעקשאָן", דאָס זיינען געווען אינוואַלידן וועלכע האָבן ניט געקענט באַהאַלטן זייערע פעלערן... און זיי זיינען דאָס פאַרשריבן געוואָרן ביי אַ פּוילישן הויפּט דאָקטאָר. אָט די דאָזיגע אומגליקליכע זיינען געשיקט געוואָרן קיין בירקענאו, אָבער מען האָט זיי ניט פארגאזט גלייך, ווייל מען האָט זיי געזעהן אכט טעג נאָכדעם ווי זיי האָבן פאַר־לאָזן די האָספּיטאַל, אין א וואוינונג־בלאָק. עס איז אויך מעגליך אז זיי האָבן דאָס איבערגעלעבט, ווייל די רוסן האָבן זיך דערנענטערט מיט יעדן טאָג און די נאַציס האָבן זיך געוואָלט צייגן אין א בעסערן ליכט. טאַקע צוליב דעם האָבן זיי דאן גענומען שוינען די אלטע און קראַנקע, וועלכע וואָלט מען מיט א קורצער צייט פרידער אומגעבראכט. דאָס זעלבע איז געטאָן געוואָרן אויך אין די אַנדערע לאגערן, זעהענדיג אז זייער יום הדין קומט אָן...

זינט נאָוועמבער 1944, האָבן מיר שוין געוואוסט אז די דייטשן פּלאַנעווען צו עוואַקואירן די לאגערן אוישוויץ און בירקענאו, און מיר האָבן געזעהן אז זיי האָבןווירקליך עוואקואירט אלע פריזאָנערס, בלויז די אידישע און די דייטשע פּריזאָנערס זיינען דאָרט פארבליבן. עס איז שוין ניט געווען קיין סוד, אז די נאַציס וועלן פארלאָזן די לאַגערן צוזאמען מיט די דייטשע פּריזאָנערס און דאן אויפרייסן דעם לאגער צוזאמען מיט די אידן.

אין פאַרבינדונג מיט דעם באשלוס, האָבן די נאַציס פאַרניכטעט די אלע געביידעס, וואָס האָבן געקענט זיין עדות צו זייערע געמיינע פאַרברעכענס, די גאַז קאַמערן, די קרעמאַטאָריומס. בלויז איין קרע־מאַטאָריום האָבן זיי ניט צושטערט, נאָר זיי האָבן עס אויפגעריסן דעם 18טען יאנואר 1945, ווען דער לאגער איז עוואקואירט געוואָרן. אין אָט דעם חודש האָבן זיי אויך פאַרברענט אלע דאָקומענטן און רעגיס־טריר ביכער, וואָס האָבן געקענט צייגן די בארבארישע אָבשויליכע מעטאָדען. מיט דער צושטערונג די „קאָרפּוס־דעליקטי" (די הויפּט פאקטן וואָס באווייזן אז דער באַשלודיגטער איז באגאנגען א געוויסן פאַרברעכן), האָבן די נאַציס געמיינט, אז זיי וועלן צושטערן און עלי־מינירן זייערע אלע פאַרברעכענס וואָס זיי זיינען באגאנגען.

אין דעם אָבער, האָבן זיי געמאכט א טעות. עדות פון יענער צייט לעבן נאָך, די וועלכע האָבן אַלץ געזעהן און געהערט און זיי וועלן

עדות זאָגן וועגן אַלץ וואָס די נאַציס האָבן געטאָן אין די יאָהרען פון 1939 ביז 1945. די טויטע קרבנות און די אלע וועלכע האָבן זיך צוריקגעקערט צו זייערע היימלענדער מיט די אויסגעטאַטואירטע נו־מערן אויף זייערע אָרעמס וועלן זיין די אייביגע מאָנומענטן, וואָס די נאַצי באַרבאַרן האָבן אויפגעשטעלט צו זייערע אוממענשליכע שווי־דערליכסטע פארברעכענס.

אין אַ קאַלטע נאַכט פון יאַנואר 1945, האָבן מיר געהערט דאָס שיסן פון האַרמאַטן און ביקסן, אזוי נאָענט איז שוין געווען די שלאַכט־פעלד. טראָץ אונזער מורא אז דער סוף פון די נאַציס אין אונזער לאגער קען אויך זיין אונזער סוף, דאָך האָבן מיר שוין געוואַרט מיט אומגעדולט אויף דעם.

.18

דעם 16טען יאנואר 1945, בין איך אינפאָרמירט געוואָרן פון גראָס און פון דר. קאָראך, אז די לאַגערן אוישוויץ, בירקענאו און אלע צווייגן לאַגערן, וועלן עוואקואירט ווערן דעם 17טן און דעם 18טן יאנואר. זיי האָבן מיר געזאָגט אז מען האָט שוין צוגעגרייט די נויטיגע שפּייזן פאר דעם מאַרשירן. זיי האָבן מיך געפרעגט צו וועלכע גרופּע איך וויל געהערן צו דער ארבייטער גרופּע אָדער צו דער האָספּיטאל גרופּע.. אין דעם טאָג, האָט זיך נאַטירליך געענדיגט דער טערמין, וואָס די דאָקטוירים האָבן מיר צוגעזאָגט צו העלפן ראטעווען מיין לעבן. איך האָב קיין צופיל צייט ניט געהאט זיך איבערצוטראכטן. איך האָב גע־קענט דייטליך זעהן די געפאר וואָס מיר וועט פאָרשטעהן ווען איך זאָל בלייבן אין האָספּיטאל, איך האָב דאָך געוואוסט וואָס זיי האָבן געטאָן אין ווארשע, און דאריבער האָב איך באַשלאָסן צו געהערן צו דער ארבייטער גרופּע. אין יענער צייט האָב איך ניט געוואוסט וויפיל צרות אונז וועט אויסקומען אויסצושטעהן אין אונזער מאַרשירן...

דעם 17טען יאנואר האָב איך זיך אומגעקערט צו דעם האָלץ־הויף. קיין ארבעט אָבער האָט מען שוין ניט געטאָן, ווייל ביינאכט האָט מען שוין אַלאַרמירט דעם לאגער, און די עוואקואציע האָט זיך אָנגעהויבן. דעם 18טען יאנואר, אין מיטן נאַכט האָט זיך אָנגעהויבן די פארזאמ־לונג פון די מאַרשירענדע טרופּען, וואָס האָט געזאָלט זיין גרייט אין א האַלבער שטונדע.

דעם 18טען יאנואר 1945, האָבן מיר שוין געוואוסט אז דער אייז איז געבראָכן... די דייטשע פּינקטליכקייט און דיסציפּלין, זיינען אָפּ־געשוואַכט געוואָרן, און אז דער סוף איז נאָענט, אזוי נאָענט ווי דאָס שלאכטפעלד... פאר מיטנאַכט האָט באַדארפט זיין גרייט בלויז איין דריטל פון פּריזאָנערס, אָט די וועלכע זיינען געווען אין גוטן געזונט צושטאַנד. די אנדערע פּריזאָנערס האָבן געזאָלט טראַנספּאָרטירט ווערן מיט צוג. געוויינליך האָט עס ניט פּאַסירט ווי די דייטשן האָבן צוגעזאָגט.

גאַנץ פרי האָבן מיר געהערט דעם גלאָק, אָבער דעם צווייטן קלונג, וואָס דאָס איז אלעמאָל געווען א צייכן זיך צו שטעלן ארבייטן, איז ניט געהערט געוואָרן. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל אין דער געשיכטע פון אוישוויץ. די מוזיק וואָס האָט באַגלייט די ארבייטער

ארויס פון לאגער און אין אָוונט צוריק אין לאגער, איז איינגעשטומט געוואָרן, די מוזיק פלעגט אויך שפּילען פאר די וואָס מען האָט געפירט צו פארגאזן . . .

אכט אזייגער אין דער פרי האָט מען אָנגעזאָגט אז יעדער איינער דארף זיין גרייט אין א שעה צייט, בעפאָר דעם אריינגאנג־טויער און אז יעדער איינער קען מיטנעמען מיט זיך וואָס ער וויל. מיר האָבן גענומען פון סטאָר הויז די בעסטע וואָלענע בלאַנקעטס (קאָלדרעס) און עס ארומגעוויקעלט ארום די היפטן, צו זיין אָמוויינגסטן אביסל באַשיצט פון פראָסט. מיר האָבן אויך גענומען פלעשער און זיי אָנגעפילט מיט וואסער פארן לאַנגען וועג. מיר האָבן באַהאַלטן ברויט אין די בלאַנקעטס פאר א נויט. דערוויל זיינען מיר געזוען ארומגערינגעלט פון עס. עס. לייט וועלכע האָבן אונז געהייסן נעמען וואָס מיר קענען און וואָס מיר ווילן. אומגלויבליכע זאכן האָבן פּאַסירט . . . מיר האָבן ניט געקענט גלויבן אונזערע אויגן און אויערן. ווען די פּריזאָנערס זיינען פארזאמעלט געוואָרן בעפאָר דעם אריינגאנג טויער, האָבן זיי געקראָגן שפּייז פארן מארשירן.

ארום צעהן אזייגער איז געווען מיין רייה און איך בין געווען צופרידן מיט די שפּייז, וואָס האָט געזאָלט זיי גענוג פאר פינף טעג. דאָס פאנאנדערטיילן די שפּייז האָט געדויערט ביז זעקס אזייגער אין אָוונט, און די גאנצע צייט זיינען מיר געווען געצוואונגען צו שטעהן אין א פראָסטיגען וועטער. ענדליך האָבן מיר גענומען מאַרשירן. נאָך א האלבער שטונדע פון מאַרשירן האָבן מיר שוין געקענט זעהן ווידער די נאַצישע בלוטדורשטיגקייט. אויפן וועג זיינען געלעגן קערפּערס פון די דערשאָסענע פריזאָנערס. דאָס זיינען געווען די קערפּערס פון די פּריזאָנערס וועלכע זיינען ארויס בעפאָר אונז. אייניגע האָבן נאָך געלעבט, זיי האָבן גע׳גוסס׳ט. צווישן זיי זיינען געווען איבערהויפּט פרויען און מיידלעך . . . דאָס איז פאר אונז אלעמען געווען א צייכן, וואָס אונז דערוואַרט . . . מיר האָבן גלייך געוואוסט אז זיי זיינען דערשאָסן געוואָרן ביי די נאַציס, אָבער מיר האָבן ניט געוואוסט פארוואָס.

איך האָב אלץ ערוואַרטעט פון אָט די דאָזיגע נאַצי בעסטיעס. איך האָב געוואוסט אז ביי זיי איז רעכט צו שיסן אויף די פארפראָרענע פּריזאָנערס אָהן שום סיבה . . . אָבער אויב זיי האָבן געהאט די דאָזיגע אבזיכטן, טאָ פאַרוואָס האָבן זיי אונז ניט דערשאָסן אין לאגער? פארוואָס האָבן זיי זיך גענומען די מי אונז צו געבן שפּייז פאר פינף טעג, ווען זיי האָבן אזוי לייכט אונז געקענט ליקווידירן אין לאגער . . . ?

אין עטליכע שעה שפּעטער האָבן מיר געלייזט די שרעקליכע רעטעניש. די דייטשע מערדער האָבן אויסגעשאָסן די אלע וועלכע זיינען צי שוואַך צו מארשירן שנעל. זיי האָבן דערייבער אויגעשאָסן אסך

פרויען, מיידלעך, און די שוואכערע פון די פריזאָנערס, אָהן שום רחמנות.

אויך פון אונזערע מאַרשירענדע, האָבן זיי דערשאָסן די אלע וועלכע זיינען געווען געצוואונגען צו פארלאנגזאמען זייער מאַרשירונג. דורך די עטליכע שטונדען זיינען דערשאָסן געוואָרן נעבן מיר ארום 300 פריזאָנערס. איך וועל קיינמאָל ניט פארגעסן יענע אומגליקליכע קרבנות פון די בלוטדורשטיגע נאַצי בעסטיעס...

נאָך אַ מאַרשירונג פון 8 שטונדען, ארום צוויי אזייגער פארטאָג, האָבן די נאַצי מאָסענמערדער סעפּאַרירט טויזענטע פריזאָנערס. דאָס זיינען געווען די פריזאָנערס פון לאגער מאָנאָוויץ און די אלע וועלכע האָבן זיך צונויפגעמישט מיט זיי. אָט די פריזאָנערס זיינען געפירט געוואָרן דורך די נאַציס אין אַ טאָל, וואָס איז געווען ארומגערינגעלט מיט אַ וואלד און זיי היבגעריכטעט מאסענווייז. דער צוטרירט צום טאָל איז געווען אָפּגעשניטן דורך א שטאַרקן גאַרד פון עס. עס. טרופּן, אזוי אז קיינער האָט ניט געקענט אַנטלויפן... בלויז א קליינע צאָל איז געלונגען צו אַנטלויפן.

צו די וועמען עס איז געלונגען זיך צו ראַטעווען פון יענעם בלוט באָד, באַלאַנגען מיינע פריינד: אורי ליבער, וועלכער האָט אָנגעהויבן מאַרשירן דעם 18טן יאנואר פונקט ווי איך, אויך מרדכי אברהם היינ־פעלד און יוסף שאול מייאָרוויץ פון חוסט, זיי זיינען געראַטעוועט געוואָרן פון די רוסן דעם 26טן יאנואר 1945.

איך דערמאָן זיך א דראַמאַטישע סצענע, וואָס איז אזוי כאַראַק־טעריסטיש וואָס איז פאָרגעקומען דאָן, אין דעם מאַסן מאָרד פון טאָל. מיין לאנדסמאַן מייעראָוויץ, וועלכער איז געווען אין דער גרופּע, האָט געהאט מיט זיך זיין 16 יאָהריגן זון חיים אליעזר, וועלכער האָט זיך ניט אָפּגעשייד פון אים, אָבער אין דער דאָזיגער שרעקליכער פּאַניקע די שוידערליכע בלוט באָד, האָט ער פארלאָרן זיין זוהן און ביז איצט האָט מען אים ניט געפונען. אָהן צווייפל אז דאָס אינגל האָט פאַרלאָרן זיין לעבן אין יענער בלוט באָד פאַרגיסונג..

דורך יענע געשעהנישן וואָס זיינע פאָרגעקומען הינטער אונז, האָט מען אונז שטענדיג געטריבן מיט אַ שנעלער טעמפּאָ. עטוואָס פריער האָבן די רוסישע עראָפּלאַנען געוואָרפן שווערע באָמבעס אויף דער צוריקציענדער דייטשער אַרמעי, ווי אויך הונדערטער „סטאלין־ליכטער“, וואָס פלעגן באַלויכטן די גאנצע געגענד ביינאכט, ווי עס וואָלט געווען אין מיטן טאָג. דאָס זיינען געווען פייער זיילן, וואָס פלעגן זיך אויפהאלטן פאר שטונדען לאנג אין דער לופט און באַלייכטן דעם גאנצען שלאכטפעלד. אויך די בריקן און די ברייטע וועגן זיינען באָמבאַדירט געוואָרן... דאריבער האָבן אונז די עס. עס. באנדיטן

געפירט דורך די פעלדער און לאַנקעס, אָבער די רוסישע נאָכיאָגער זיינען געפלויגן גאַנץ נידעריג איבער אונז. ווייזט אויס אז זיי האָבן דערקענט, אז מיר זיינען דאָס די פריזאָנערס פון קאָנצעטראַציע לאַגער, ווייל זיי האָבן אויף אונז ניט געשאָסן.

דאָס מאַרשירן האָט שוין געדויערט ארום 12 שעה, און מיר זיינען געגאנגען און געגאנגען אונטער די שווערסטע באַדינגונגען, און די וועגן זיינען געווען פארזייט מיט שטאַרבענדע פריזאָנערס, וועלכע האָבן אין זייערע לעצטע מינוטן געהאלטן צוגעדריקט צו זיך די אָרעמע פעקלעך מיט שפייז, אלץ וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט...

מיר אלע זיינען שוין געווען זעהר אויסגעמאַטערט און ערשעפּט. איך האָב געהאט שרעקליכע יסורים אין מיינע היפּטן, און איך בין געוואָרן זעהר אָפּגעשוואַכט, טיילווייז צוליבן לאנגן מאַרשירן און טייל־ווייז פון פארלוסט פון בלוט, נאָכדעם ווען מען האָט מיט צען טעג פריער ארויסגעריסן מיין באַקצאָן. איך האָב באַשלאָסן לויז צו ווערן פון אלץ וואָס איך האָב געהאט מיט זיך, בלויז איבערלאָזן שפייז פאר צוויי טעג. איך האָב אפילו אוועקגעוואָרפן די אלע בגדים וואָס איך האָב אין יענעם מאָמענט ניט באַדאַרפט. איך וויל באַמערקן, אז די פריזאָנערס האָבן ניט נאָר באדארפט טראָגן זייערע אייגענע פעקלעך, נאָר אויך די פעקלעך פון די עס. עס. לייט, ווי שפייז, קליידער און אַלץ וואָס זיי האָבן געהאַט גע׳גנב׳ט. איך האָב אויך באַדאַרפט שלעפּן אזא פעקל די גאנצע צייט, טראָץ דעם וואָס איך האָב מיינע אייגענע זאכן אוועקגעוואָרפן און צוטיילט מיין ביסל שפייז צו מיינע קאַמעראַדן.

מיר האָבן געמאַרשירט ביז צוועלף אזייגער בייטאָג, לויפענדיג. עס איז געווען אַ מאַרש פון טויט... נאָך אזא לאַנגע מאַרשירונג האָבן מיר געהאָפט זיך אָפּצורוהען אַמווייניגסטן אַ גאַנצען טאָג, אָבער ווי אַנטוישט זיינען מיר געוואָרן, ווען נאָך אַן אָפּרוה פון בלויז פיר שעה, האָבן מיר ווידער געמוזט געהן... די פיר שעה אָפּרוה האָבן מיר פארבראכט אין פערד און חזירים שטאַלן. דער גרעסטער טייל פון אונז אָבער, האָט באַדאַרפט בלייבן אין דרויסן, ווייל עס איז ניט געווען אזוי פיל פלאַץ פאר אזוי פיל מענשן. די וועלכע זיינען געבליבן אין דרויסן האָבן שטאַרק מקנא געווען די וועלכע האָבן זיך געפונען אין די שטאַלן.

איידער מיר האָבן ווידער גענומען מאַרשירן, האָבן די עס. עס. ארויסגעשיקט זייערע בלוטהינט, אויסגעפינען צי איינציגע פריזאָנערס האָבן זיך ניט באַהאַלטן, און ווען אימיצער איז געפונען געוואָרן באַ־האַלטענדיג זיך, האָט מען אים גלייך דערשאָסן. עס זיינען געווען אסך אזעלכע פאַלן, ווייל אפילו אזעלכע וועלכע האָבן גאָרניט געפּלאַנט זיך צו באַהאַלטן, נאָר זיינען געווען פארזונקען אין א טיפן שלאָף,

זייענדיג שטאַרק אויסגעמאַטערט, אז זיי האָבן ניט געהערט דעם סיגנאַל אָנצוהויבן ווידער צו מאַרשירן, אויף יענע האָבן זיי דערשאָסן...

דעם 19טען יאנואר 1945, פינף אזייגער נאָכמיטאָג האָבן מיר באַגייט אונזער מאַרשירן. אַ גאַנצע נאַכט האָבן מיר מאַרשירט אונטער די שווערסטע באַדינגונגען. אויף דעם נעקסטן טאָג ניין אזייגער אין דער פרי האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט. טראָץ דעם שטאַרקן פראָסט, האָבן מיר זיך געבאָדן אין שווייס פון מידקייט... יעדער איינער פון אונז האָט געהאט יסורים און וועהטאָגן אין אלע גלידער, אָבער מיר האָבן געמוזט עס אונטערדריקן, ווייל מיר האָבן געוואוסט וואָס מיר קענען ערוואַרטען ווען מיר זאָלן צייגן דעם מינדסטן צייכן פון שוואַכקייט... פיל פון אונז האָבן אָבער מער ניט געקענט אויסהאַלטן און זיי זיינען געפאַלן ווי אונטערגעהאַקטע ביימער. די עס. עס. ברוינע באַנדיטן האָבן זיי גלייך דערשאָסן. אינצווישן האָב איך נאָך געהאָלפן הרב ר׳ אשר ראַבינאָוויטש, דורך אונטערהאלטן זיינע הענט, ער זאָל קענען מאַרשירען.

די אומאָרדענונג און די פּאַניקע אויף די וועגן איז אומבאַשרייב־לעך. טאַנקען, געפּאַנצערטע אָטאָמאָבאָלין, אַנטי עיר־קראַפט ביקסן, טראָקס מיט אַמוניציע און מיט שפּייז, האָבן פארשטעלט די וועגן. די קאָרס אין וואָס די נאַצי „העלדן״ האָבן זיך געפונען, האָבן געזוכט אריבערצויאָגן איינע די אַנדערע. דאָך אונטער אזעלכע אומשטענדן, האָבן די נאַצי באַנדיטן דורכגעפירט אונצאָהליגע מאָרדן איבער די אומגליקליכע פּריזאָנערס און שוצלאָזע אידן.

.19

דעם 20טען יאנואר 1945, נײַן אזייגער אין דער פרי, זײַנען מיר אָנגעקומען אין גלאַוויטץ, אין שלעזיען. מיר זײַנען אַלע געווען טויט מיד און ערשעפּט און שאָקירט פון די נײַע שרעקליכע קלאַנגען וואָס האָבן גענומען זיך שנעל פאַרשפּרייט צווישן די פּריזאָנערס. אייניגע פון די פּראָמינענטע פּריזאָנערס האָבן פאַרשפּרייט אַ קלאַנג אַז מען וועט אונז, טראָץ דעם אַלעם, ברענגען אין די גאַז קאַמערן. אָט דער קלאַנג האָט אויסגעזען צו זײַן ריכטיג, ווײַל צוויי פון די דײַטשע פּריזאָנערס, האָבן זיך אַנטזאָגט אַרײַנצוגעהן אין אַ געבײַדע וואו אַלע פּריזאָנערס האָבן באַדאַרפט אַרײַנגעהן. זיי האָבן געבעטען בײַ די עס. עס. לײַט, אַז זיי זאָלן רחמנות האָבן אויף זיי, אָבער די נאַצי באַנדיטן האָבן ניט געהאַט קיין פונק רחמנות אפילו פאַר זייערע אייגענע און זיי האָבן זיי באַלד דערשאָסן פאַר ניט אויספאָלגן זייער באַפעל.

איך האָב אָבער גיט געגלויבט אָט די קלאַנגען, ווײַל איך האָב געוואוסט, אַז די נאַציס מאַכן ניט לאַנגע מחזקות און פאַרברייטונגען פאַר זייערע פאַרברעכערישע טאַטן. דאָס אַלץ פאַסירט פּלוצלונג און אונערוואַרטעט, אַזוי אַז קיין פּריזאָנער אפילו אַ פּראָמינענטער, אָדער אַ דײַטשער פּריזאָנער, האָט געקענט וויסן וואָס עס וועט געשעהן אין דעם נעקסטן מאָמענט.

אינצווישן האָט מיך איין לאַגער חבר געבעטען, איך זאָל זיך איבער אים מרחם זײַן און זאָגען איין משנה אדער איין קאַפּיטל תהלים ער זאָל קענען זאָגן קדיש. אויף מײַן פראַגע נאָך וועמען? ער האָט יאָהרצייט? איז געווען זײַן תשובה, ער האָט נישט קיין יאָהרצייט. נאָר אַזוי ווי עס לעבט שוין קיינער נישט פון זײַן משפּחה, וויל ער נאָך זיך אַליין זאָגען קדיש . . .

די געבײַדע אין וואָס מיר האָבן געדאַרפט אַרײַנגעהן איז געווען אַ גרויסער גאַראַדזש, אָבער ניט גענוג פאַר אונז אַלעמען, און אַ צאָל פּריזאָנערס האָט באַדאַרפט בלייבן אין דרויסן. אָבער אפילו אינווייניג איז ניט געווען מעגליך זיך אויסצורוהען, עס איז ניט געווען קיין פּלאַץ זיך צוצולייגן.

אין אָט דעם סלעזיען שטעטל זײַנען געווען צוגעגרייט פורן אין וואָס מיר זאָלן פאָרטזעצן אונזער וועג. נאָכמיטאָג איז געקומען מײַן ריי. 110 פון די פּריזאָנערס זײַנען אַרײַנגעקוועטשט געוואָרן אין איין

וואַגאָן. די וואַגאָנען זיינען געווען אָפענע און ארומגעצאַמט מיט שטעכעדיגע דראָטן (באַרבד־ווייערס), צו מאַכן דאָס אַנטלויפן פון דאָרט אונמעגליך. און דער פראָסט האָט געברענט. אונטער אזעלכע אונערטרעגליכע באַדינגונגען האָבן מיר געררייזט פיר לאנגע טעג און נעכט אין ביטערן פראָסט. ענדליך זיינען מיר אָנגעקומען אין גראָס־ראָזן — אַ פלאַץ וואָס האָט ניט געגעבן קרעדיט צום נאָמען ראָזן, ווייל מיר האָבן דאָרטן ניט געפונען רויזן, נאָר דערנער. — מיר האָבן דאָרטן געקענט דערוואַרטן בלויז צרות, אומגליק און מעגליך טויט ...

דער קאָנצענטראַציע לאַגער אין דעם קליין שטעטל גראָס־ראָזן, וואָס איז געלעגן אין מערב זייט פון ברעסלאו, איז געווען אַ לאַגער פון פאַרניכטונג, בלויז אין א קלענערער מאָס ווי אוישוויץ. עס האָט געהאַט איר גאַז קאַמער, איר קרעמאַטאָריום און אפילו אירע צווייגן אָפטיילונגען . . .

דער לאַגער איז געווען צעטיילט אין צוויי טיילן: א טייל פאר די בלייבענדע פּריזאָנערס און א טייל פאר די וואָס ווערן אומגעביטן. די איינוואוינער פון יענעם קאָנצעטראציע לאַגער האָבן שוין זיך דאָרט געפונען פאר פיל יאָרן, ארבייטענדיק אין די מלחמה פאַבריקן. די איינ־וואוינער פון אנדער טייל פון לאַגער, זיינען אלע מאָל אומגעביטן געוואָרן. אָדער מען פלעגט זיי אוועקפירן אין אן אנדער לאגער, אָדער אין די גאַז קאַמערן.

דער אזוי גערופענער טראַנספּאָרט בלאק איז צוזאמענגעשטעלט געוואָרן אין א געאַייל און אין אָפּגעלאָזענקייט, ווייל די באַראַקן זיינען געבראַכט געוואָרן בלויז אין נאָוועמבער 1944, פון בירקענאו. ווי אן אלטער איינוואוינער אין יענעם לאַגער, האָב איך זיי גלייך דערקאָנט. די שפּייז וואָס מיר האָבן געקראָגן איידער מיר האָבן פארלאָזן אוישוויץ האָט זיך שוין געענדיגט מיט אַ פּאָר טעג צוריק, אזוי אז מיר זיינען געווען ניט נאָר טויט־מיד, נאָר אויך זעהר הונגעריק. אונזער דורשט האָבן מיר געשטילט מיט שנעע, אָבער וואָס צו עסן האָבן מיר ניט געהאַט. אפילו די געוועהנליכע דיסאינפעקציע און באָד, האָט מען ניט געטאָן, ווי אין די אנדערע קאָנצעטראציע לאַגערן. מען האָט אונז געשיקט אין איינעם פון די טראנספּאָרט בלאק, וואָס מען האָט פריער באַנוצט אלס סטאָר־הויז פאר צעמענט.

איידער מיר האָבן געקענט נוצען אָט דעם באַראַק, האָבן מיר באַדאַרפט אַוועקנעמען א גרויסע צאָל פון צעמענט־זעק. א סאך זעק האָבן זיך צעריסן און די שטויב האָט זיך צעטראָגן איבערן גאַנצען באַראַק. מען האָט אריינגעקוועטשט 1200 מענשן אין דער געביידע. קיינער האָט זיך ניט פאראינטערעסירט ווי אזוי מען וועט זיך דאָרט אַלע קענען פּאַמיעסטשען. עס איז געווען אונמעגליך זיך צו לייגן.

עס איז אפילו געווען אונמעגליך זיך צו זעצן און די וועלכע האָבן שוין יאָ געפונען א פּלאַץ צו זיצען, איז עס געווען אויפן פּייכטן באָדן. אָבער מיר זיינען געווען אזוי אויסגעמאַטערט אז מיר האָבן איינ־געשלאָפן.

אין מיטן נאַכט האָט מען אונז אויפגעוועקט מיט אַ שטורמישן טומעל. מיר האָבן געהערט אן אויסרוף: „נעמט אייער שפּייז!" באַלד איז ערשינען דער פירער פון בלאָק מיט זיינע מענטשן. זיי זיינען אריין אין דער געביידע אין דער צייט ווען די אָרעמע פּריזאָנערס האָבן גע־נומען עפּענען זייערע אויגן, און ניט קענענדיג זיך גלייך אויפשטעלן צוליב דער פארשלאָפענקייט, האָבן נאַצישע באַנדיטן גענומען טאַפּטשען מיט זייערע שווערע שטיוועל אויף די קעפּ פון די אויסגעמוטשעטע פּריזאָנערס, פיל פון די אומגליקליכע זיינען צעטראָטן געוואָרן אויף טויט. . . .

מיר האָבן גלייך אָרגאניזירט אַ קאָמאנדאָ וועלכע האָבן באַדאַרפט ברענגען די שפּייז, מעשטיינס געזאָגט.

געגענאיבער אונזער בלאָק איז געווען בלאק 37 וואָס איז באַנוצט געוואָרן טיילווייז פאר אַ באָד־צימער און טיילווייז פאר אַ האָספּיטאל. עס איז געווען צוועלף מעטער לאנג און אַכט מעטער ברייט. די ווענט זיינען געווען פון דינע הילצערנע שאָפעס. אויף דעם באָדן איז געווען א ביסל שטרוי אויף וואָס די פּאַציענטן זיינען געלעגען מיט פארשי־דענע מחלות: טיפוס, שווינדזוכט, אינפלוענציע, לונגען ענטצינדונג א. א. וו.. איך האָב געזעהן א סך פּריזאָנערס וועלכע זיינען אריינגענומען געוואָרן אין האָספּיטאל, אָבער איך האָב קיינמאָל ניט געזעהן אימיצען ארויסקומענדיג פון דאָרט. איך בין געווען כמעט איבערצייגט אז מען האָט די פּאַציענטן פארגיפטעט מיט די איינשפּריצונגען. יעדען טאָג נאָכמיטאָג און אין אָוונט פלעגט מען ארויסטראָגן 30־40 קערפּערס, א טייל פון האָספּיטאל און א טייל פון דעם טראַנספּאָרט וואָס איז אין בלאָק 37. צוויי מאָל א טאָג פלעגט מען די קערפּערס אוועק־טראָגן צום קרעמאַטאָריום וואָס איז געווען ארום 200 טריט ווייט פון האָספּיטאל. מיין פארדאכט וועגן די פאטאלע איינשפּריצונגען איז שפּעטער באַשטעטיגט געוואָרן פאר מיר פון די פּריזאָנערס וועלכע האָבן זיך געפונען אין לאָגער גראָס־ראָזן פאר א לענגערער צייט.

דער לאָגער גראָס־ראָזן איז געווען ארומגעצוימט מיט שטעכעדיגע דראָטן, וואָס זיינען געווען ע'לעקטריפיצירט. אינווייניג איז געווען נאָך אַ צוים פון שטעכעדיגע דראָטן וואָס איז ניט געווען עלעקטריפיצירט. דאָרט איז אויך געווען א טויער, די סאַדיסטישע נאַציס, די עס. עס. לייט פלעגן צורופן אייניגע פּריזאָנערס און זיי הייסן עפּעס ברענגען דורכן טויער, ווען זיי פלעגן צוקומען ניט ווייט פון דעם עלעקטרישן

דראַט, פלעגן די נאַצי באַנדיטן אַ שטויס טאָן דעם פּריזאָנער צו דעם עלעקטרישן דראָט און יענער פלעגט עלעקטרעפיצירט ווערן . . .

נאָכדעם ווי מיר זיינען דאָרט אָפּגעווען צוועלף טעג, האָט מען אָנגעהויבען צו שיקען דעם טראַנספּאָרט ווייטער. איך האָב געטאָן אַלץ וואָס נאָר איך האָב געקענט אַרויסצוקריכן פון אָט דעם גיהנום. איך האָב אָנגעבאָטן צו טאָן אַרבייט אַלס מעכאַניק, אלס אַ שלאָסער. איך האָב נאָר געוואָלט אַרויסקריכן פון גראָס־ראָזן. עס האָט געדויערט פינף וואָכן ביז וואַנען מיר האָט זיך דאָס איינגעגעבן. דערווייל האָט דער טראַנספּאָרט וואָס איז געקומען פון אוישוויץ געהאַט גרויסע פאַרלוסטן. די פּריזאָנערס וועלכע האָבן איבערגעלעבט די שטורעמס פון גאַז קאַמער, פון קרעמאַטאָריעס, האָבן גענומען אויסשטאַרבן פון די פאַר־שידענע קלעפּיגע קראַנקהייטן אין גראָס־ראָזן. אַלערליי קלעפּיגע קרנקהייטן האָבן דאָרט געבושעוועט.

לויט ווי איך האָב אָפּגעשאַצט זיינען דאָרט טעגליך אויסגעשטאָרבן אַרום 80 פּריזאָנערס וועלכע זיינען געקומען פון אוישוויץ. אַזוי ווי דאָרט זיינען אויך געווען דייטשע פּאָליטישע פּריזאָנערס, האָט מען אונז אין פעברואַר 1945, געצוואונגען צו טראָגן אַ „מגן־דוד” אויף דעם אַרבעל.

אָט איז געקומען די צייט צו עוואַקואירן גראָס־ראָזן, ווייל די רוסן האָבן אַרומגערינגלט אַלע דייטשע פּאָזיציעס אין שלעזיע. אַ טאָג איידער מיר האָבן פאַרלאָזן דעם לאַגער, האָבן די עס. עס. באַנדיטן געאָרדערט זייערע שקלאַפן צונויפצוברענגען די הונדערטער טויטע קער־פּערס צום קרעמאַטאָריום. איך האָב אויך באַדאַרפט אַרויסהעלפן אין דער אַרבייט . . .

ווען מיר האָבן פאַרלאָזן דעם לאַגער האָב איך געקענט מערקן פיל קערפּערס פון די פּריזאָנערס וואָס זיינען געהאַנגען אויף דעם עלעקטריפיצירטן שטעכיגן דראָט פון וואָס עס זיינען נאָך געגאַנגען פונקען. ענדליך זיינען מיר געקומען צום אַריינגאַנג טויער און געקראָגן עטוואָס שפּייז פאַרן וועג. מיר האָבן ווייטער מאַרשירט. דריי טעג און דריי נעכט האָבן מיר מאַרשירט אָהן שפּייז, פיל פון אונז זיינען גע־שטאָרבן פון הונגער.

מיר האָבן איבערגעלעבט היבשע „עיר־רעידס (לופט אַטאַקעס). אָבער די לופט אַטאַקע וואָס מיר האָבן דורכגעמאַכט ווען אונזער צוג איז אָנגעקומען אין וואַימער, האָט אַריבערגעשטיגן אַלע אַנדערע אַטאַ־קעס וואָס מיר האָבן דורכגעמאַכט פריער און נאָכדעם . . . הונדערטער באָמבערס זיינען געפלויגען איבער דעם סטיישאָן, ווארפענדיג פייער סיגנאַלען. די סטיישאָן פון וואַימער איז געווען געפּאַקט מיט מיליטער־רישע טראַנספּאָרטן. די באָמבערס האָבן געשליידערט באָמבעס איינע

נאָך די אַנדערע. טויטע און פאַרוואונדעטע האָבן זיך געוואַלגערט אַרום. רויך וואָלקענס האָבן איינגעהילט די שטאָט, אויך אונזערע טראָקס זיינען געווען טיילווייז צעשטערט. די עס. עס. באַנדיטן זיינען געלאָפן ווי ווילדע חיות צו זוכן שוץ... איך שטעל זיך פאָר אז דאָס איז געווען זייער „יום הדין”...

וויבאַלד אז די עס עס. לייט זיינען זיך צעלאָפן ווי פאַר'סמ'טע מייז, איז שוין במילא פון אונז ארונטערגענומען געוואָרן די דיסציפּלין. מיר האָבן באַלד ארונטערגעשניטן די שטעכעדיגע דראָטן. מיר האָבן דערשנאַפּט א צוג מיט קעפּלעך קרויט, און יעדער איינער פון אונז האָט גענומען אַ קעפּל קרויט און מיר האָבן גענומען עסן מיט גרויס אַפּעטיט, צושטילן מיט דעם אונזער הונגער און דורשט, ווייל מיר האָבן ניט געגעסן און ניט געטרונקען פאַר דריי טעג.

איין שטונדע נאָך דער באָמבאַרדירונג, און זיי האָבן שוין געפונען אן אויסרייד אָנצוגעהן מיט זייערע מאָרדן, זיי האָבן דערשאָסן יעדן פּריזאָנדער ווען זיי האָבן געפונען נעבן דעם וואַגאָן מיט די קרויט.

דורך די לופט אַטאַקעס האָבן איניגע פּריזאָנערס געמאכט א פאַרזוך צו אַנטלויפן, אָבער די „היימוואר” וואָס איז דאַן געווען אויפן וואַך האָבן זיי געכאַפּט. די רוסן האָבן זיך גענומען דערנענטהערן און אונזער טראַנספּאָרט איז געבראכט געוואָרן אין בוכענוואלד, וואָס איז געווען נעבן וואימאר.

ווען מיר זיינען אָנגעקומען אין בוכענוואלד, איז דער ערשטער אָפיציעלער אַקט געווען די געוועגליכע דיסאינפעקציע. דאַן האָט מען אונז פוּלשטענדיג אונטערזוכט. די נאציס האָבן געזוכט גאָלד. מיר האָבן באדארפט עפענען דאָס מויל און ציינגן אונזער צונג, כדי צו צייגן אויב מיר באהאלטען ניט קיין גאָלד אונטער די צונג. מיט א קליין הילצערנעם שטיק האָבן זיי אויפגעהויבן אונזער צונג און דאָרט געזוכט. מיט דעם זעלבן האָלץ שטיק האָבן זיי ארייגעטאָן אין יעדן איינעמ'ס מויל.

נאָכן באָד האָט מען פון אינז אוועקגענומען אלע קליידער, אונטער־וועש, און מיר האָבן געקראָגן אזוי גערופענעם „יוניפאָרם” וואָס איז באַשטאַנען פון געשטרייפטע הויזן א דינע העמד (אין זומער פלעגט מען אונז געבן ווארעמע העכדער), א געשטרייפטן רעקל און אַ פאָר הילצערנע שיך. אין דער אויסשטאַטונג האָבן מיר געציטערט פון קעלט. עס איז דאָרט פאַר אונז געווען ערגער ווי אין אוישוויץ. די נומערן וואָס מען האָט אונז געגעבן אין אוישוויץ זיינען ניט געווען גילטיג אין בוכענוואלד און מען האָט אונז געגעבן אַנדערע נומערן. איך האָב געקראָגן דעם נומער 125,643.

.20

אין יענער צייט זיינען געווען אין בוכענוואלד 60,000 פּריזאָנערס, אָבער דער פּלאַץ האָט געסטייעט בלויז פאַר 30 טויזענט פּריזאָנערס. די דייטשן האָבן ניט געוואוסט וואו אונז אַהינצוטאָן. פאַר א קורצער צייט האָבן מיר זיך אויפגעהאלטן אין א בלאָק וואָס האָט אויסגעזעהן ווי אַ צירק. דער דאַך איז געווען פון לייוועגט, און די ווענט זיינען אויך געווען פון לייוועגט, דאָרט זיינען ניט געווען קיינע בעטן, קיינע שטרויענדע מאַטראַצען און קיינע קאָלדרעס. עס איז דאָרט ניט געווען קיין פּלאַץ זיך צו לייגן, זיך אַראָפּצוזעצן. צוויי טעג און צוויי נעכט זיינען מיר געשטאַנען צוגעדריקט איינע צו די אַנדערע זיך צו האַלטן וואַרעם. עס איז געווען אונמעגליך צו לעבן דאָרט, און א סך זיינען טאַקע אויסגעשטאָרבן.

ענדליך אויפן דריטן טאָג האָט מען אונז געגעבן עטוואָס שפּייז און דאָס האָט מען אונז געגעבן איינמאָל אין 24 שטונדען. אין צוויי טעג ארום האָט מען אונז אריבערגעפירט אין אַ קינאָ־טעאַטער געביידע, דאָרט, אָמוויינגיסטן האָבן מיר געהאָט אויף וואָס צו זיצען.

נאָך אַכט טעג האָט מען אונז אריבערגעפירט צום בלאָק 59 וואָס איז געווען באַוואוסט אין גאַנצען לאַגער אַלס דער „בלאָק פון טויט". 1600 פּריזאָנערס האָט מען אריינגעשפּאַרט אין יענער געביידע און 5־6 מענשן האָבן פארנומען איין בעטל. אַלץ איז אין אָט דעם לאַגער אראנזשירט געוואָרן צו מאכן אונזערע לעבנס אונערטרעגליך. נאָך עטליכע טעג פון אזוי מוטשען זיך, האָב איך געפילט אז איך קען מער ניט איבערטראָגן. איך האָב געבעטען אז מען זאָל מיך אריינעמען אין האָספּיטאַל, אָבער אָהן ערפאָלג. דאן האָב איך געגעבן צו א דאָק־טאָר צוויי טעג שפּייז וואָס איך האָב געהאט אָפּגעשפּאָרט, ווייל צוליב מיין קראנקהייט האָב איך נישט געקענט עסן, און ער האָט פאר מיר מעגליך געמאכט, מען זאָל מיך אריינעמען אין בלאָק האָספּיטאַל. איך בין זיכער, אז דאָס האָט געראטעוועט מיין לעבן.

אין בוכענוואלד האָב איך באַגעגענט אייניגע לאנדסלייט מיינע פון חוסט, וועלכע זיינען געקומען פון אנדערע קאָנצעטראַציע לאַגערן. איך בין געווען גליקליך צו קענען איבערגעבן אייניגע פון זיי גוטע נייעס. איך האָב דאָרט געטראָפן ישעי־ה און משה קאַהאַן און איך האָב זיי געזאָגט, אז איך האָב גערעדט מיט זייערע פרויען אין בירקענאו

און אז אלעקסאנדער קאהאנ׳ס קליינע טאָכטער האָט זיך געראטעוועט און זי געפינט זיך אין בודאפעסט אין גוטע, זיכערע הענט. איך האָב אריינגעגעבן א פונק פון האָפענונג צו מיין אלטן פריינד ד״ר ראָזענפעלד פארזיכערענדיג אים אז זיין ווייב לעבט און איך האָב גערעדט מיט איר. איך האָב דערמונטערט מיין לאנדסמאן שאול פיקסלער, זאָגענדיג אים אז איך האָב געזעהן זיין טאָכטער אין דער קיך פון בירקענאו.

איך האָב אויך באַגעגענט אין בוכענוואלד דר. אייזענבערג, משה שטיינבערגער, חיים ערגער, מארטין לאזאראָוויטש, דר. מילער, מרדכי גראָס און משה מארקאָוויץ. פון אָט די דאָזיגע עלף מענשן בלויז מאַרטין לאזאראָוויטש האָט זיך צוריקגעקערט נאָך דער באַפרייאונג. אויך דעם הויכווירדיגן רבי פון רעזאוויא, הרב ר׳ אשר ראבינאָוויטש, ער איז נפטר געוואָרן אין דעם לאַגער, ווי פיל אַנדערע טויזענטער, יהא זכרם ברוך!

אזוי ווי איך בין געווען פאראינטערעסירט מיט אַלץ וואָס עס איז געשעהן אין אוישוויץ און אין בירקענאו נאָך איידער מען האָט מיך אַהין פאַרשלעפּט, פונקט אזוי בין איך געווען פאראינטערעסירט אין אַלע פּאַסירונגען וואָס זיינען פאָרגעקומען אין בוכענוואלד, דורך דער צייט וואָס איך האָב זיך געפינען אין אוישוויץ. איינער וועלכער איז געווען ווי מען זאָגט איינגעבירגערט אין בוכענוואלד, האָט מיר איבער־געגעבן די פאָלגענדע אינפאָרמאַציע.

דער לאַגער איז עטאַבלירט געוואָרן דאָרט אין 1937, און ער האָט זיך גערופן עטערבורג. שפּעטער האָבן די פריזאָנערס דאָס אָנגעהויבן צו רופן „בוכענוואלד״ און דער נאָמען איז שוין פאַרבליבן ביז דעם סוף פון דער נאַצישער הערשאַפט. עס איז געבויט געוואָרן אויף דעם זעלבן שטייגער ווי דער לאגער אין אוישוויץ. די אויפזעהער פון אָט דעם לאַגער האָבן דערמאָרדעט א סך דייטשע אידן און להבדיל, קאָמו־ניסטן, וועלכע זיינען געווען די ערשטע קרבנות פון די דייטשע פאר־פאָלגונגען. אין די אָנקומענדע יאָרן זיינען אהין געבראכט געוואָרן אַלע פּאָליטישע פריזאָנערס פון די לענדער וואָס די נאַצים האָבן „באַפרייט״ אָדער „אַנעקסירט״ צום דריטן רייך. דאָרט האָבן זיך געפונען פריזאָ־נערס פון עסטרייך, טשעכאָסלאָוואקיע, יוגאָסלאַוויע פוילין, פראנקרייך, בעלגיע און האָלאנד. צווישן וועמען עס איז געווען לעאָן בלום פון פראנקרייך און די דייטשע קאָמוניסטן טהעלמאן און פישער.

אין אָט דעם לאַגער האָט מען באַהאַנדעלט די אידן ווי טראנס־פאָרטירטע פריזאָנערס, וועלכע זיינען ניט באַשיצט פון געזעץ. די אַרישע פריזאָנערס האָט מען נאָך פארעכנט פאר מענשן וועלכע האָבן געהאַט געוויסע שוץ פריווילעגיעס. אָמווייניגיסטן זיינען זיי געווען זיכער אז מען וועט זיי ניט שיקן אין די גאַז קאָמערן.

דאָס זיינען געווען די באַדינגונגען און די לאַגע אין לאַגער בוכענ־וואַלד, ווען קאַרל אָטטאָ קאָך איז געווען דער הויפּט פון דעם לאַגער. קאָך איז פריער געווען א באַנק קלוירק וועלכער איז שוין געזעסן אין תפיסה פאר היפשע שווערע פארברעכענס, איידער מען האָט אים אריינגענומען פון די אויסגעקליבענע עס. עס. גרופּען. טראָץ דעם וואָס ער איז שוין פאראורטיילט געוואָרן פאר פעלשונג און שווינדעל, אין דעם דריטן רייך, איז פאר אים ניט געווען קיין הינדערניס אריינגע־נומען צו ווערן אין דער געגנגטסער עליטה קאָרפּאָריישאָן די עס. עס.. פאַרקערט זיינע פארברעכענס זיינען פאר אים געווען א גוטע רעקאָ־מענדאציע. אָט דאָ האָט ער געקראָגן די מעגליכקייט אויסצונוצען זיינע „פעהיגקייטן".

אין בוכענוואלד, האָט ער געקענט פייניגען אפילו מאָרדען וויפיל זיין האַרץ האָט געגלוסט... זייענדיג דער קאָמאַנדיר פון בוכענוואלד האָט ער געקענט „דעיסטעווען" וויפיל ער האָט נאָר געוואָלט. דאָ איז איז ער געווען דער „האַר" דער „צאַר" איבער לעבן און טויט. האָבענ־דיג די אַלע נויטיגע „מעלות" האָט אים הימלער, פריער אויסגע־קליבן צו זיין דער קאָמאַנדיר פון דעם לאגער סאקסענהויזן. ווען דער לאַגער בוכענוואלד איז געשאַפן געוואָרן, האָט הימלער אַנער־קענענדיג זיינע „פעהיגקייטן" באַשטימט אָטטאָ קאָך אַלס קאָמאַנדיר איבער אָט דעם לאַגער. דאָ האָט קאָך געקענט בעסער אַנטוויקלען זיינע מערדערליכע אינסטינקטן.

אָטטאָ קאָך איז געוואָרן אזוי פּאָפּולאר אלס א נאַצי פירער און מאסענמערדער, אז די נאַציס האָבן אים גאַנץ אָפט געשיקט מיט אַ ספּעציעלע שליחות קיין פראנקרייך, בעלגיע און האָלאַנד צו מאַכן אָרדענונג דאָרט אויפן נאַצישן אופן... קאָך האָט צו זיך קיין גלייכן ניט געהאט, אין ליקווידירן די אַלע אַנטי נאַצי עלעמענטן, און ער האָט געשטיגן ביי אַלע נאַצי הויפּטן. ער האָט קיינמאָל ניט פאַרגעסן צו ברייגגען סאָווענירס פון די אנדערע לענדער וואו ער האָט „גע־ארבייט". ער האָט מיט זיי דעקאָרירט די זאכן וואָס ער האָט פון דאָרט אוועקגערויבט, ווי אויל־פעינטינגס פון באַרימטע מאָהלער, באַרימטע סקולפּטור זאכן, פערסישע טעפּיכער, דימענטנע און גאָלדענע צירונג מיט דיאַמאַנטען. דאָס אַלץ האָט קאָך געבראכט אין זיין פּאַלאַצליכער היים אין בוכענוואלד, וואָס די פריזאָנערס זיינען געצוואונגען געוואָרן צו בויען פאר אים.

אָט די דאָזיגע הויז זיינע, האָט געהאט צוואַנציג צימערן, וואָס זיינען אלע געווען פרעכטיג און לוקסוסרייך מעבעלירט... ער האָט געהאַט שטאַלן פאר זיינע „רעיס־פערד" (געיעג־פערד) און שטאַלן פאר די פערד פון זיין פרוי די טרויערדיגע באַרימטע אַילזא

קאָך, גאראדזשעס א. א. וו., ווי געזאָגט האָט ער אָט די דאָזיגע אלע געביידעס זיך ערוואָרבן דורך דער פּראַצע פון די געצוואונגענע פריזאָנער שקלאַפן, איבער וועמען ער האָט געהערשט מיט אַן אייזער־נעם פויסט. ניט איין פּריזאָנער שקלאַף האָט אָטאָ קאָך דערשאָסן מיט זיין אייגענער האַנט, ווייל יענער האָט ניט געטאָן זיין ארבייט שנעל גענוג. דערשיסן אַ מענטשן איז ביי אים געווען גאַנץ לייכט. עס איז באַוואוסט אז ער האָט דערמאָרדעט די דייטשע קאָמוניסטישן פירער טהאלמאן און פישער און ער האָט „אויפגעהאַנגען" זייערע קעפּ איבער זיין שרייבטיש אַלס „טראָפּיס" פון זיג . . .

מיר ווייסן אויך אז קאָך האָט געאָרדערט אויסצונוצן די הויט פון די דערמאָרדעטע מענשן צו מאַכן פון זיי ניצליכע אַרטיקלען ווי האַנט־בייטלעך, טאַבאַקאָ זעקלעך און וואליזעס. גאַנץ אָפט האָט ער דערמאָר־דערט פּריזאָנערס וועמענס הויט איז געפעלן געוואָרן זיין פרוי אילזא קאָך, וועלכע איז געווען אזוי סאַדיסטיש פארדאָרבן ווי ער. ער פלעגט אפילו מאָרדן אין דער געגענוואַרט פון זיינע קינדער, כדי צו געבן זיי אַ ריכטיגע ערציאונג אין „העלדישקייט און בראווקייט" . . .

מען האָט מיר איבערגעגעבן אַז אָטאָ קאָך איז שוין איינמאָל געווען פאַרהייראַט, אָבער זיין ערשטע פרוי האָט אים גע'גט, ווייל זי האָט ניט געקענט פאַרטראָגן זיין פּערווערזיטעט און פאַרדאָרבענעם כאַראַקטער. מיט זיין צווייטען היירעט האָט ער אָנגעטראָפן אויף אַ ווייב וואָס איז געווען מער צוגעפּאַסט צו אים. פריער איז זי געווען אַ דינסט אין א גאסט־הויז, דאַן סעקרעטערין פון דער געסטאַפּאָ אין דרעזדען. ווען זי האָט געארבייט אין סאקסענהויזן, האָט זיך אָטאָ קאָך פאַרליבט אין איר, און ווען ער האָט פאַרלאָזן דעם לאַגער, איז זיין סעקרעטערי אילזא, אוועק מיט אים אַלס זיין ווייב.

אין בוכענוואלד האָט אילזא זיך אויפגעפירט ממש ווי אַ קעניגין. זי האָט געהאַט די בעסטע געיעג־פערד, וואָס איר מאַן האָט אוועק־גערויבט. זי האָט געהאַט די טייערסטע אויטאָמאָבאַלין, אסך דינסטן און פיל פאַרעהערער. זי איז געווען פונקט אַזאַ טייוועל ווי איר מאַן, פעהיג צו באַגעהן די ערגסטע און שוידערליכסטע פאַרברעכענס. זיי בײדע זיינען דאָס געווען די אמת'ע ריכטיגע פאָרשטייער פון דער דייטשער נאַצי רעגירונג.

די פאַרברעכענס וואָס אילזא קאָך איז באַגאַנגען אַלס די ווייב פון אָטאָ קאָך דעם קאָמאַנדיר פון לאַגער בוכענוואלד, זיינען דערוויזן געוואָרן ביים משפּט אין נירענבערג, צו וואָס פּריזאָנערס וועלכע האָבן איבערגעלעבט די שלאַכטהייזהער סאַקסענהויזן און בוכענוואלד, זיינען גערופען געוואָרן אַלס עדות. זי האָט געהאַט א שוואכקייט צו לעמפּ־שעידס (לאָמפּ־ קאָלפּאַק, אַבאַזשור) פון מענשליכער הויט. זי איז

געוועז די ערגסטע סאַדיסטין, און זי איז באַגאַנגען אַזעלכע פאַרברע־
כענס אין לאַגער, וואָס איז אזוי עקעלהאַפטיג אז עס איז אונמעגליך
דאָס איבערדערציילן . . . ווען זי פלעגט רייטן אויף אַ פערד, פלעגט זי
מכבד זיין יעדן פריזאָנער ווען זי פלעגט פארביירייטן, מיט איר
בייטש, און זי פלעגט דאן שמייכלען ווען אירע נאַצי באגלייטער פלעגן
דערשיסן די אָרעמענע קרבנות . . .

אין 1942 האָט קאַרל אָטטאָ קאָך געקראָגן אן אָרדער צו אָרגאַניזירן „די נייע אָרדענונג אין פוילין", און זיין ערשטע ארבייט איז געווען צו עטאַבילירן דעם קאָנצעטראַציע לאַגער טרעבלינקא, נעבן לובלין, אין וועלכן הונדערטער טויזענטער פוילישע אידן זיינען אומגעבראַכט געוואָרן, ווי אייך 90 פּראָצענט פון אלע אידן אין סלאָוואקיע, און דאָס אזוי שנעל ווי זיי זיינען אָנגעקומען אין לאַגער, די קאָנצעטראַציע לאַגערן אוישוויץ און בירקענאו זיינען אויפגעשטעלט געוואָרן אויף קאָך׳ס אימפּולס און לויט זיינע פּלענער . . .

אָבער, ווי דאָס ווערטל זאָגט : „סוף גנב לתליה" (דער סוף פון אַ גנב איז געהאַנגען צו ווערן), איז מקוים געוואָרן אויף דעם בלוטהונט אָטטאָ קאָך, דעם קאָמאַנדיר פון לאַגער. דער טאָג פון זיין מפּלה איז געקומען. ווי איך האָב שוין געהאַט באַמערקט פריער, פלעגן די נאַציס אויסהאַקן די גאָלדענע צייהן און די גאָלדענע „ברידזשעס" פון די מיילער פון די אומגעקומענע פּריזאָנערס. קאָך האָט געהאַט דעם שטרענגען אָרדער צו שיקן דאָס גאָלד צום רייכסבאַנק. די אלע נאַציס זיינען געווען פון די געמיינסטע און נידעריגסטע בעסטיעס. זיי האָבן ניט געקענט דולדן, אז איינער פון זיי זאָל האָבן אַ בעסערע געלעגנהייט צו גנב׳נען מער ווי די אַנדערע. די רואינע פון דעם מעכטיגן קאָך איז פאַראורזאַכט געוואָרן דורך די קנאה פון זיינע קאָמאָראַדן.

טראָץ דעם וואָס קאָך האָט געהאַט דעם שטרענגען אָרדער צו שיקן דאָס גאַנצע גאָלד וואָס ער וועט ארויסבאַקומען פון דעם קאָנצעטראַציע לאַגער, צום רייכסבאַנק, פלעגט ער פאַרהאַלטן א טייל פון דעם און ניט קיין קליינעם טייל, פאַר זיך. קיינער אויסער זיין סעקרעטאַר פּעטריק האָט ניט געוואוסט וועגן דעם.

כאָטש פּעטריק איז געווען פאַרהייראַט, איז ער אָבער געווען אַ גרויסער פאַרעהרער פון אילזא קאָך. ווען אָטטאָ קאָך איז בעאויפטראַגט געוואָרן צו קומען אין טרעבלינקא און דאָרט עטאַבילירן אַ קאָנצעטראַציע לאַגער, האָט ער מיטגענומען זיין סעקרעטאַר פּעטריק. איינמאָל האָט זיך פּעטריק צוריקגעקערט קיין דייטשלאַנד פאַר אַ קורצן אורלייב (וואַקאַציע) און די ערשטע זאַך וואָס ער האָט געטאָן איז געווען זיך צו זעהן מיט זיין „ליידי־פריענד" אילזא קאָך. אילזא האָט אויסגענוצט די געלעגענהייט און אים געפרעגט אויב ער קען פאַר

איר קריגן אַ שטיקל גאָלד וואָס זי דאַרף עס האָבן פאַר אירע ציינער.

דער „קאַוואַליער" פּעטריק האָט ניט געזשאַלעוועט און אויף מאָרגן האָט ער איר געבראַכט אַ היבשע שטיקל גאָלד. ווען אילזאַ האָט געבראַכט דאָס שטיקל גאָלד צו איר דענטיסט, האָט ער זי געפרעגט וואו זי האָט עס געקראָגן? זי האָט גאָרניט פאַרדעכטיגט און זי האָט אים דערציילט דעם אמת, אז איר מאַנ׳ס סעקרעטאר פּעטריק, האָט עס איר געגעבן. דער דענטיסט האָט זיך געמאכט גלייכגילטיג און ער האָט גענומען אַ מאָס פון אירע ציינער.

דאָ איז כדאי צו באַמערקן, אז אין די קאָנצענטראַציע לאַגערן האָט עקזיסטירט אַ נעץ פון ספּיאָנאַזש. איין נאָצי באַנדיט האָט געהאַלטן אן אויג אויף דעם צווייטן... אָט אזא געהיימער אַגענט איז געווען דער דענטיסט ער האָט גלייך געמאָלדן דעם געסטאַפּאָ אין וואימער. פּעטריק אליין איז געווען א מיטגליד פון געסטאַפּאָ אין בוכענוואלד.

די געסטאַפּאָ פון וואימער האָט אָפּגעשטאַטעט אַ וויזיט אין פּעט־ריק׳ס היים. דאָרט האָבן זיי געפונען צוויי טראָנקס (קאַסטענס) מיט אַ היפּש ביסל גאָלד און אַנדערע ווערטפולע זאַכן. מען האָט גלייך גערופן פּעטריקן אין געהיים פּאָליציי, וואו מען האָט שוין געבראַכט די טראָנקס מיט די גאָלד. מען האָט פּעטריקן גלייך אַרעסטירט. דער דאָזיגער פאַל איז גלייך אויסגעפאָרשט געוואָרן.

פּעטריק האָט איינגעזעהן אז ער וועט שוין באַשטראָפט ווערן, האָט ער גענומען ריידן און דערציילט אז די גאָלד וואָס מען האָט געפונען ביי אים, איז בלויז א קליינע טייל פון דעם גאָלד וואָס זיין היפּט, אָטאָ קאָך, דער הויפּט קאָמאַנדיר פון בוכענוואלד קאָנצענטראַציע לאַגער האָט גע׳גנב׳עט פאַר זיך.

אן אויספאָרשונג קאָמיסיע איז גלייך געשיקט געוואָרן קיין טרעב־לינקא און לובלין, און עס האָט זיך ארויסגעוויזן אַז קאָך׳ס סעקרעטאר האָט דערציילט דעם אמת. קאָך האָט געהאט אזוי פיל גאָלד ווי דער באַרימטער קעניג מידאָס... מען האָט קאָכ׳ן גלייך אַרעסטירט און מען האָט אים צופעליג אוועקגעשיקט קיין בוכענוואלד, אָבער איצטער, ניט אַלס אַלמעכטיגער קאָמאַנדיר פון דער קאָנצעטראַציע לאַגער, נאָר אַלס אַרעסטאַנט אַ פאַרעטער...

אזוי האָט דער גרעסטער מערדער און פארברעכער, זיך איצט געפונען אין דעם פּלאַץ וואו ער האָט געשיקט טויזענטער אידן צום טויט, אין געפענגניס. מען האָט גוט אויסגעפאָרשט וועגן דער גנבה פון גאָלד, וואָס ער האָט באַ.גנב׳עט דעם דריטן רייך, צונעמענדיג די גאנצע אָנגערויבטע גאָלד פון די אומגליקליכע אידישע פריזאָנער, פאר זיך, אַנשטאָט עס אָפּשיקן צום רייכסבאַנק.

נאָך א קורצען משפט איז קאַרל אָטאָ קאָך, פאַר׳משפט׳ געוואָרן

צום טויט און איז באַלד הינגעריכטעט געוואָרן אויפן זעלבן פּלאַץ, וואו ער איז באַגאַנגען זיינע גרויזאַמסטע פאַרברעכענס, קורץ פאַר דעם אָנקומען פון דער אַמעריקאַנער ארמעי אין אַפּריל 1945.

דער נאָכפאָלגער פון קאָך, קאָמאַנדיר פּיעסטער האָט ניט געמאַכט גרינגער דאָס לעבן פון די פּריזאָנערס, דער נומער פון די קרבנות איז געווען 10,000 אַ יאָר אין 1944, און אין יאָר 1945 בלויז אין פיר חדשים, האָט זיך די צאָל פאַרגרעסערט ביז 20,000 אין דעם בוכענ־וואַלדער קאָנצעטראַציע לאַגער.

דורך דער צייט וואָס איך האָב זיך געפונען אין בוכענוואַלד, זיינען געלעגען 2,000 טויטע קערפּערס נעבן דער קרעמאַטאָריע, אָבער מען האָט זיי ניט געקענט פאַרברענען, ווייל עס איז שוין דאָרט ניט געווען קיין ברען שטאָף.

דורך דער צייט פון מיין געפינען זיך אין די פאַרשידענע קאָנ־צענטראַציע לאַגערן, האָב איך אָבזערווירט, אַז די דאָזיגע פּריזאָנערס וועלכע זיינען ניט געווען גייסטיג איבעריגס שטאַרק, און האָבן מער ניט געהאַט קיין האָפענונג ווען עס איז באַפרייט צו ווערן פון די קאָנ־צענטראַציע לאַגערן, האָבן געהאַט שוואַכערע שאַנסן דאָס איבער צו לעבן, ווי די וועלכע האָבן געהאָפט אויף דער באַפרייאונג און אז זיי וועלן דערלעבן די נקמה אָן דעם פינסטערן שונא . . .

עד כאן מיינע באַמערקונגען וועגן בוכענוואַלד וואָס איך האָב פאַרנאָטירט פון די אינפאָרמאַציע וואָס איך האָב געקראָגן וועגן דעם לאַגער בוכענוואַלד, ביז איך בין אָנגעקומען דאָרט אין יאַנואַר 1945. יעצט קערן מיר זיך אום צו יענער צייט פון מיין זיין אין בוכענוואַלד.

איך האָב פאַרלאָרן ארום אַכציג פונט און איך האָב אויסגעזעהן ווי אַ באַוועגלעכער סקעלעט. איך האָב זיך קוים געהאַלטן אויף מיינע פיס. איך האָב געמאַכט עטליכע פאַרזוכן אריינגענומען צו ווערן אין רעגעלען האָספּיטאַל אָבער אָהן ערפאָלג. אין אַט דעם שוואכן, קראַנקן צושטאַנד, האָט מיר אַ „בלאָק־לידער" געזאָגט, אז איך וועל דארפן פאַרלאָזן בוכענוואַלד מיט אַ טראַנספּאָרט, און אז איך זאָל באַלד זיין גרייט. איך האָב אים געזאָגט ווי שוואַך איך פיל זיך און אז עס איז אומעגליך פאַר מיר זיך צו באַטייליגן אין דעם טראַנספּאָרט. ער האָט מיר גע־ענטפערט אַז ער קען מיר גאָרניט העלפן, ווייל ער האָט גאָרניט צו טאָן מיט דעם. אַלץ וואָס ער טוט איז דורכפירן דעם אָרדער פון זיינע העכערע. מען האָט מיר געזאָגט אז איך בין באַשטימט צו געהן אין אַן אַנדער ארבייטער לאַגער.

איך האָב זיך געבעטען ביי דעם הויפּט דאָקטאָר פון עס. עס., ער זאָל מיר ערלויבן צו בלייבן צוליב מיין שוואכען פיזישן צושטאַנד, אָבער אומזיסט. דער דאָקטאָר האָט געזאָגט אז בלויז די וועלכע ברעכן

צוזאמען און קענען זיך ניט רירן צוליב זייער קראַנקהייט ווערן אריינגענומען אין האָספּיטאל. אונטער די אומשטענדן געפינט ער מיר פיזיש גוט צו קענען טראַנספּאָרטירט ווערן.

שפּעטער אָבער האָט זיך ארויסגעוויזן, אַז איך האָב גאָר באַדאַרפט זיין דאַנקבאר צו יענעם דאָקטאָר, ווייל דורכדעם איז מיין לעבן געראַטעוועט געוואָרן. ווייל, אַלע וועלכע האָבן זיך געפונען אין בלאָק 59, זיינען אויסגעמאָרדעט געוואָרן פון די נאַציס, עטליכע טעג איידער די באפרייאונגס אַרמייען פון די אַמעריקאַנער זיינען אריינגעקומען אין אַפּריל 1945.

מיינע פריינד מרדכי סענדער, דוד גראָס און זאָלי נוישטאַטער האָבן מיר געראָטן איך זאָל ניט באַשטעהן צו בלייבן אין בוכענוואלד, און דאריבער האָב איך שוין זיך מער ניט געמיהט דאָרט צו בלייבן.

אונזער טראנספּאָרט וואָס איז באַשטאַנען פון 1,000 פּריזאָנערס איז געפאָרן אין א צוג. נאָך צוויי טעג זיינען מיר אָנגעקומען אין ביסינגען (וואורטענבערג), וואו מיר האָבן באדאַרפט פאַרלאָזן די וואַגאָנען. ווען מיר זיינען ארויסגעשטיגן פון די וואגאָנען האָבן מיר אויסגעפונען אז 60 פון די פּריזאָנערס זיינען אויסגעשטאָרבן אויפן וועג, אזוי אָפּגעשוואכט זיינען זיי געווען. פון דאָרט האָבן מיר באַדאַרפט מאַרשירן איין קילאָמעטער צום לאַגער אין נעצטווייילער. נעצטווייילער איז געווען א קליינער לאַגער, וואָס איז באַשטאַנען פון 5 וואָהנונגס בלאקס, איין קיך בלאק, איין לאונדרי איין באָד און אַ האָספּיטאל.

אונזער אויפגאבע איז געווען צו גראָבן פאר נאַפט צופוסן אַ באַרג, ארום 500 מעטער ווייט פון אונזער לאַגער. בלויז דורך שקלאַפן ארבייט האָט עס זיך עקאָנאָמיש געלוינט. צוליב דעם האָט מען אונז אַהין געבראכט.ביים פוס באַרג האָט מען אויפגעשטעלט רעזערוואואַרן וואָס זיינען געווען פאַרבונדן מיט רערן. מיר האָבן באַדאַרפט זעהר שווער ארבייטן, ביז וואַנען מיר האָבן באַוויזן ארויסצוקריגן די נאַפט דורך די רערן אין רעזערוואואַר, וואו מען האָט עס אויגעקוועטשט דורך פאַרשידענע מאַשינען.

ווען מיר זיינען געקומען אין נעטצווייילער, האָבן מיר געטראָפן דאָרט שוין איינגעבירגעטע פּריזאָנערס (מערסטענס קראַנקע). מיר האָבן זיך דערוואוסט פון זיי וועגן אומגלויבליכע זאַכן וואָס האָבן דאָרט פּאַסירט אין לאַגער. אין לאַגער האָבן זיך געפונען 1,500 פּריזאָנערס פון די באַלטישע לענדער, פון עסטאָניע, פינלאנד, לעטלאַנד, פון רוסלאַנד, טשעכאָסלאָוואקיע און פוילין. בלויז עטליכע פון זיי זיינען געווען אידן.

פון די 1,500 פּריזאָנערס זיינען אויסגעשטאָרבן 1,300, אַ קלענערע

טייל פון דער עפּידעמיע וואָס האָט דאָרט געבושעוועט און די גרעסטע טייל פון דער גרויזאַמער, אונמענשליכער באַהאַנדלונג פון די נאַציס. פאַר אָט דער שוידערליכער באַהאַנדלונג פון די פּריזאָנערס, דאַרפן געהאַלטן ווערן פאַראַנטוואָרטליך ניט נאָר די עס. עס. לייט, נאָר אויך די גאַרדס וואָס קומען פון די רייען פון דער „ווערמאַכט".

דורך דעם גאַנצן ווינטער, האָבן די פּריזאָנער באַדאַרפט טראָגן בלויז לייוועטענע קליידער און הילצערנע שיך, מיט וואָס זיי האָבן באַדאַרפט טאָפּטשען אין בלאָטע און אין זומפּען. זייערע פיס זיינען געווען פאַרפראָרן דעם גאַנצן טאָג. זיי האָבן געקראָגן רהומאַטיזם, לונגען ענטצינדונג און אַנדערע מחלות. זייערע קערפּערס זיינען געשוואָלן געוואָרן פון קעלט. די בעסטיאַלישע באַהאַנדלונג פון די גאַרדס־מען, וועלכע זיינען געקומען פון דער אַזוי גערופענער „טאָדט־אָרגאַניזאַציע", האָבן ניט פאַרבעסערט זייער געזונד צושטאַנד...
מען האָט זיי דערצו געצוואונגען צו אַרבייטן די שווערסטע אַרבייטן, אין רעגן און אין שנעע, און די פּריזאָנערס זיינען געפאַלן ווי פליגן.

טראָץ דעם האָבן די נאַצי באַנדיטן ניט געענדערט זייערע טאַק־טיקס. ווען אַ צאָל זיינען אויסגעשטאָרבן האָבן די נאַציס אויסגעפילט די צאָל מיט די נייע אָנגעקומענע פּריזאָנערס, מיט נייע קאַנדידאַטן פאַר דעם טויט...

.22

מיר װעלכע זײנען געקומען אין מערץ 1945, האָבן געהאַט דעם גרויסן „מזל" װאָס מען האָט אונז ניט גענוצט פאַר די שװערע אומ־געזונטע ארבייט װעלכע איז געװען כמעט פאַרענדיגט. אונזער אַרבעט איז געװען צו בויען אַ דינע ליניע און ארונטערנעמען די שװערע שטיינער װאָס האָבן געהינדערט דעם פלוס פון דעם נאַפט און אויס־גלייכן דעם שטח.

דער לאַגער אין נעצטװײלער איז געװען דער ערשטער לאַגער, װאָס איך האָב געזעהן װאָס האָט ניט געהאַט קיין גאַז קאַמער און קיין קרעמאַטאָריע.

די לופט אַטאַקעס פון די ענגליש־אַמעריקאַנער באָמבערס, האָבן ניט אויפגעהערט, אויסקלייבענדיג װאורטענבערג פאַר זייער גינסטיגן ציל. דער „עיר־רעיד" אַלאַרם האָט געדויערט עטליכע שעה נאָכאַנאַנד, גאַנץ אָפט אפילו אַ גאַנצן טאָג, װייל די ענגליש־אַמעריקאַנער באָמבערס פלעגן זיך צוריקערן אויפן זעלבן װעג. אָבער דאָס שאַלן און פייפן פון די סירענעס זיינען פאַר אונזערע אויערן געװען װי מוזיק, װאָס האָט אָנגעזאָגט אַז די גאולה איז נאָענט...

אין אַלע קאָנצענטראַציע לאַגערן פלעגט די ארבייט אונטערבראָכן װערן אין אַן אַלאַרם בלויז אין נעטצװײלער איז געװען אַן אויסנאַם. מיר האָבן באַדאַרפט ארבייטן די גאַנצע צייט. װייזט אויס אז די פליער האָבן שוין באַמערקט, אַז די ארבייטענדיגע זיינען די פּריזאָנערס און זיי האָבן אונז איבערגעהיפּט. אזוי װי עס איז געװען אין מצרים װאו די צען מכות האָבן איבערגעהיפּט די אידישע הייזער... אַ סך פון די נאַציס װעלכע האָבן ניט באַװיזן צו אנטלופן צו די שעלטערס, האָבן דאָס אויסגענוצט כדי זיך אליין צו ראַטעװען... זיי פלעגן ארונטערװארפן זייערע היטלען און דעם יוניפאָרמירטן רעקל און צו־קומען נאָענט צו אונז...

פון אונערנערונג און שװערע ארבייט, בין איך געװען אזוי אָפּגעשװאכט, אז איך האָב איינִיגע מאָל געַ׳חלש׳ט. איין ארבייטער מיטן נאָמען קרומהאָלץ איז געװען פריינדליך צו מיר און װען ער האָט געזעהן אז איך קען זיך קוים באַװעגן, האָט ער מיר צוגעפירט צו אן אָפענער ציסטערנע (טענק) און ביזן סוף ארבייט דאָרט מיר אויסבאַהאַלטן. אין אָװענט האָב איך געזאָגט דעם בלאָק פירער אז

איך בין קראַנק, און אַזוי האָט מען מיך אַריינגעבראַכט אין האָספּיטאַל.

די דאָקטוירים האָבן אָנערקענט אַז איך בין קראַנק, אָבער זיי האָבן ניט געקענט אויסגעפינען וועלכע קראַנקהייט דאָס איז. זיי האָבן ניט געהאַט אפילו די פּרימיטיוויסטע אַפּאַראַטן, ווי רענטגען (עקס־רעי), מיקראָסקאָפּן און קיינע מעדעצינען. מען האָט מיך צוריקגעשיקט צו דער וואוינונג בלאָק, ווייל דער האָספּיטאַל נעמט אַן פּאַציענטן בלויז אין דער פרי און זיי מאַכן ניט קיינע אויסנאַמען.

נעקסטן טאָג האָט מען מיך אַריינגענומען אין האָספּיטאַל מיט אַ הויכן פיבער. אַכט טעג איז מיין פיבער געווען זעהר הויך. דאַן האָט זיך מיין פיבער פאַרקלענערט און אויף דעם ניינטען טאָג האָט מען מיך אַרויסגעלאָזן פון האָספּיטאַל, מיט דער באַגרינדונג דאָס מיין טעמפּעראַטור איז אונטער 38 גראַד. זייענדיג אין האָספּיטאַל האָב איך זיך באַפריינדעט מיט בערנאַרד ווייצענפעלד און מירביידע האָבן דורכגעמאַכט זעלטענע פּאַסירונגען פאַר און נאָך דער באַפרייאונג.

מיט יעדן טאָג וואָס איז פאַריבער איז קלאָר געוואָרן אַז די שטונדע פון באַפרייאונג איז נאָענט. די גאַרדס־מען וועלכע האָבן מיט אַ קורצער צייט פריער געשלאָגן און געמאָרדעט די פּריזאָנערס, האָבן איצט גע־זוכט זיך צו פריינדלען צו אונז. זיי האָבן אונז געזאָגט אַז זיי האָבן אַלעמאָל געהאַסט זייער אַרבייט, אָבער זיי זיינען געווען געצוואונגען דאָס צו טאָן. מען האָט גלייך געקענט מערקן זייער פאַלשקייט אין דער רחמנות וואָס זיי האָבן אונז פּלוצלונג געגומען אַרויסווייזן...

אָט די דאָזיגע נאַצי „העלדן" האָבן זיך גענומען אויפירן אַזוי פּחדנות'־דיג, נאָכדעם ווי זיי האָבן איינגעזעהן אַז דער סוף פון זייער רישעות'־דיגער מאַכט קומט אָן. יעדער איינער פון זיי האָט איצט גענומען זוכן וועגן ווי אַזוי אָראָפּצוואַרפן פון זיך די פאַראַנטוואָרטליכקייט...

אַנדערע נאַצים האָבן זיך אויפגעפירט נאָך בייזער. זיי זיינען נאָך מער אויפגערייצט געוואָרן פון וואָס עס פּאַסירט, אַז זיי האָבן גענומען אויסלאָזן זייער צאָרן אויף אונז. אין מיטן חודש אַפּריל 1945, האָט מען אונז פאַרזאַמעלט און אַרויסגעטריבן פון לאַגער צו דער סטאַנציע ביסינגען. דאָרט האָט מען אונז אַריינגעפּאַקט אין וואַגאָנען פון בהמות ניט מיטגעבענדיג אונז אפילו קיין שפּייז. מיר האָבן אַזוי געררייזט צוויי טעג און יעדער פון אונז האָט בלויז געקראָגן אַ קליינעם חלק ברויט, ביז מיר זיינען אָנגעקומען אין מינכען, פון וואַנען מען האָט אונז באַדאַרפט ברענגען קיין דאַכאַו. אָבער דער לאַגער קאָמאַנדיר פון דאַכאַו האָט זיך אַנטזאָגט אונז אַריינצונעמען, ווייל עס איז געווען דאָרט איבערפילט. דאַן האָט מען אונז אוועקגעשיקט קיין אַללאַך, אַ לאַגער וואָס איז געווען פינף קילאָמעטער ווייט פון דאַכאַו, און צוועלף קילאָמעטער פון מינכען.

דאָ ווייל איך איבערגעבען ווי אזוי מען האָט מיך באַהאַנדעלט אין די לעצטע טעג פון זייער טייוואָלינישער הערשאַפט, ווען מיר האָבן מאַרשירט פון דאכאו צו אללאך. איך בין געווען זעהר דורשטיג און איך האָב געזוכט צו שטילן מיין דורשט. מיר זיינען פארבייגעגאנגען איין קליין וואסערפלוס, האָב איך געוואָלט מיט מיינע הענט אָנשעפן אביסל וואסער צום טרינקען. און דורכדעם האָב איך ארויס־גערופן דעם צאָרן פון א גארדס־מאן, און ער האָט מיר גענומען פּאַטשן אזוי לאנג און שטאַרק ביז וואנען ער האָט ארויסגעהאקט צוויי צייהנער פון מיין מויל.

אין דעם לאגער איז געווען אן אומבאשרייבליכער אונאָרדענונג, וואָס איז נאָך גרעסער געוואָרן, ווען מען האָט אונז ערלויבט צו געהן צום בלאק נומער 25 און אויסקלייבן פון דעם גרויסן סטאָרהויז דאָס וואס מיר ווילן. ווי א בעטל, א טישל, א שטול, אַ בענקל. דער טומעל כאָאָס איז גרעסער געוואָרן מיט יעדער מינוט, און אין דער אומ־אָרדענונג האָב איך פאַרלאָרן דאָס בעטל וואָס איך האָב מיר אויסגע־קליבן. בלויז דורך דער פריינדליכקייט פון מיינעם אן אלטן באקאנטן ישראל כאָמסקי פון פּרוזשאנאָוו, האָב איך ענדליך געקראָגן א בעטל פאר זיך און איך האָב ענדליך זיך געקענט אויסרוען די לעצטע פאָר טעג.

אין אללאך האָבן מיר געפילט די לופט פון פרייהייט אין פולער מאָס. איינינגע פון די דייטשן האָבן אונז געזאָגט דירעקט אז אונזערע צרות וועלן שוין לאַנג ניט אָנהאַלטן . . . דערווייל איז אין דעם לאַגער געווען וואונדערבאַר, אָבער מיר האָבן נאָך געהאַט שוועריקייטן מיט שפּייז. גייסטיג זיינען מיר געווען שטאַרק אויפגעלייגט פון די גוטע נייעס, אָבער דאָס איז אונז ניט איינגעגאַנגען צוליב דעם שווערן הונגער וואָס האָט אונז אַלעמען געדריקט.

אָסקאר בובי פרידמאַן, מיין לאַנדמאַן, אן אלטער איינוואוינער פון לאַגער אללאך, האָט מיר ארויסגעהאָלפן. כאָטש ער האָט בלויז מיר געקענט ברענגען שאָלעכץ פון קאַרטאָפל בין איך אים דאַנקבאַר ביזן היינטיגן טאָג, ווייל עס איז דאָך פאָרט געווען שפּייז. די אנדערע פּריזאָנערס האָבן געגעסן גראָז און ווען עס איז שוין ניט געווען קיין גראָז האָבן זיי ארויסגעריסן די וואָרצלען און דאָס אויפגעגעסן. אונזער גליק איז געווען וואָס אָט די לאַגע האָט געדויערט בלויז זעקס טעג.

דעם 22טען אַפּריל האָט מען אונז איינגעטיילט שפּייז בחיפּזון׳דיג און מען האָט אונז ווידער אָנגעלאָדן אין וואַגאָנען און אונז געשיקט, וואוהין ? האָבן מיר ניט געוואוסט. פאר אכט טעג האָבן מיר זיך געשלעפּט פון איין סטאַנציע ביז דער צווייטער, ניט ארויסטרעטענדיג פון די וואַגאָנען. עס איז אונמעגליך צו באַשרייבן דאָס וואַנדערן איבער

זיי בייערישע וועגן. כאָטש מיר האָבן געקראָגן טעגליך אַ שטיקל ברויט, זיינען פיל פון די פריזאָנערס אויסגעשטאָרבן פון הונגער און ערשעפּונג.

דורך אונזער אַרומשלעפּן זיך איז געקומען דער אָרדער פון דעם רייכספירער און סעקרעטאר „עפּפּ״, אַז מען זאָל אונז לאָזן פריי... דער קאָמאַנדיר פון אונזער טראַנספּאָרט האָט ניט אויסגעפאָלגט דעם אָרדער, טראָץ דעם וואָס עס האָט אויסגעזעהן אַז אַנדערע קאָמאַנדירן פון אַנדערע טראַנספּאָרטן האָבן גלייך באפרייט זייערע פריזאָנערס. באַלד אָבער האָט אַ הויכע נאַציסטישע אויטאָריטעט פון בערלין, געלאָזט וויסן, אַז אלע באַפעלן זאָלן געהאַלטן ווערן ווי פריער אָהן ענדעררונגען. אָט דער דאָזיגער אָרדער האָט געגעבן די נאַצי מערדער די געלעגענהייט ארויסצוציייגן וואָס זיי קענען נאָך טאָן אין דער לעצטער מינוט פון זייער טייוואָלינישער הערשאַפט. א גרויסער טייל פון די פארברעכענס אין אָט דער שטונדע זיינען באַגאַנגען געוואָרן פון די היימווער, וועלכע זיינען ארויסגערופן געוואָרן צו העלפן, ווען די מאַכט פון דער ווערמאַכט האָט שוין מער ניט געקענט פאַרמיידן זייער צו־זאַמענברוך.

די נאַציס זיינען באַפאַלן די אָרעמע פריזאָנערס, וועלכע האָבן געמאַכט זייערע ערשטע שריט צו פרייהייט, געהענדיג לאַנגזאַם דורך די גאַסן פון שטעטל, ניט וויסענדיג אז דער אָרדער פון זייער פרייהייט איז צוריקגעצויגן געוואָרן. זיי האָבן אונ׳רחמנות׳דיג געשלאָגן און אפילו דערמאָרדעט די דאָזיגע אומגליקליכע מענשן, וועלכע האָבן אויסגעהאַלטן די פינף שוידערליכע יאָרן, שטיצענדיג זיך בלויז אויף דער האָפענונג צו זעהן די שטונדע פון באפרייאונג. זיינען איצט אין דער לעצטער מינוט, אויסגעמאָרדעט געוואָרן. בלויז אָט די דאָזיגע פריזאָנערס האָבן געראטעוועט זייערע לעבנס, וועלכע האָבן זיך געפונען אויף דער סטאַנציע, אַנצושליסן זיך אָן דעם טראַנספּאָרט פון וועלכן זיי זיינען געקומען.

אפילו די דייטשע באַפעלקערונג האָט זיך געהאלטן פיינדליך צו די פריזאָנערס און זיי האָבן זיך געפילט באַליידיגט ווען די אומגליק־ליכע, הונגעריקע פריזאָנערס האָבן געבעטן אַ ביסל שפייז.

דעם 28טן אַפּריל 1945, האָבן מיר באַגעגענט אַן עקספּידיציע פון דעם „אינטערנאַציאָנאלן רויטן קרייץ״, וואָס האָבן געהאַט מיט זיך עטליכע וואָגענס פול מיט שפייז. יעדער איינער פון אונז האָט געקראָגן אַ פּעקל מיט שפייז. וואָס דאָס האָט געמיינט פאַר אונז, איז אומעגליך צו באַשרייבן. מיר האָבן ניט קיין ווערטער איבערצוגעבן אונזער אַל־געמיינע שטימונג. אונזערע געפילן ווען מיר האָבן אויסגעפונען אַז עס זיינען פאַראַן אָרגאַניזאַציעס, אינסטיטוציעס, וועלכע זיינען גרייט אונז צו באַשיצן און אונז העלפן...

ענדליך איז געקומען דער טאָג אויף וואָס מיר האָבן אזוי אומ־געדולדיג געוואַרט אזוי לאנג. דער טאָג וואָס אזויפיל מיליאָנען פון אונז האָבן ניט דערלעבט צו זעהן...

דעם 30טען אַפּריל, עלף אזייגער אין דער פרי האָבן זיך צום ערשטן מאָל באַוויזן אַמעריקאַנער טאַנקען אין אונזער געגענט. אַ שעה שפּעטער האָבן זיי זיך אריינגעדרונגען אין אונזער שטח... די עס. עס. לייט זיינען אַרעסטירט געוואָרן, און מיר זיינען אלע באפרייט געוואָרן...

דער גרעסטער טייל פון די עס. עס. לייט איז געלונגען צו אַנט־לויפן, אָנטועענדיג די ציווילע קליידער פון די פריזאָנערס. אזוי האָט זיך געענדיגט זייערע העלדישע „מעשים טובים”...

נאָך דער באַפרייאונג האָבן מיר אלע דורכגעמאכט אַ סאָרט צו־זאַמענברוך, גייסטיג און פיזיש. מיר זיינען געווען ווי אין עפּעס אַ היסטעריע. מיר האָבן ניט געקענט באַשליסן וואָס צו טאָן. בלויז איינציגע פון אונז האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן אויף עטליכע עס. עס. לייט זיי צוריקצאָלן פאר דעם וואָס זיי האָבן אונז געטאָן. אַ סאך פון די מאסענמערדער, האָט מען אָנגעבראָכן די ביינער. זיי זיינען געווען אין אונזערע הענט... אָבער מאָדנע, ווי שטאַרק אָט די דאָזיגע רשעים האָבן פארדינט אז מען זאָל זיי אָפּצאָלן מיט דער זעלבער מאָס, האָט אָבער פאָרט אַ אידיש האַרץ ביי זיך ניט געקענט פועל׳ן צו פאַרגיסן בלוט, אפילו פון דעם ערגסטן פינסטערסטן נאַצי מערדער... אָבער צעשלאָגן האָבן מיר זיי גאַנץ גוט... דער טאָג פון נקמה איז ענדליך געקומען. אָבער די אַמעריקאַנער אָפיצערן האָבן זיך אריינגעמישט און אָפּגעהאַלטן די וועלכע האָבן קוים געקענט באַהערשן זייער צאָרן און נקמה געפיל...

די אַמעריקאַנער האָבן אונז באַרוהיגט, צוזאָגענדיג אונז, אַז די אַלע מלחמה קרימינאַלן וועלן פאַרגעבראכט ווערן פאר אַ מיליטערישן געריכט פון גערעכטיגקייט און נאָך א גרינדליכן משפט וועלן זיי באַ־שטראָפט ווערן, יעדער לויט זיין פאַרברעכן און שולד...

ווען די אַמעריקאַנער סאָלדאַטן האָבן געזעהן אין וואָס פאר אַ פיזישער לאַגע מיר זיינען געווען, האָבן זיי ניט געקענט באַהערשן זייערע טרערן. זיי האָבן אונז אַלעמען באַשיצט און געהאָלפן מיט פריינדשאפט און צערטליכקייט... ווען אַן אַמעריקאַנער אָפיציר האָט געכאַפּט א קוק אויף מיר און געזעהן ווי שרעקליך איך זעה אויס, איז ער צו מיר צוגעגאַנגען און געזאָגט: אז ער איז צופרידן און גליקליך צו האָבן געקענפט דריי יאָר פאר אונזער באפרייאונג... ער האָט מיר צוגעזאָגט אַז אַמעריקא וועט שוין זעהן אונז צו העלפן מיט אַלץ וואָס נאָר עס וועט זיין מעגליך...

„אַמעריקאס הויפּט צוועק איז געווען צו באַקעמפן טיראַניי און באַפרייען די קליינע, שוואַכע פעלקער וועלכע האָבן אַזוי שטאַרק זיך אָנגעליטן פון דעם נאַצישן יאָך”... האָט ער מיר געזאָגט.

.23

מיר זיינען באפרייט געוואָרן אין דער סטאַנציע סטאלאך, 52 קילאָ־מעטער פון מינכען, נעבן אײפעלדארף. דאָרט האָט אונזער לאגער און טראַנספּאָרט קאָמאנדיר איבערגעגעבן די אַמעריקאנער אַ פּערזענליכן אָרדער וואָס הימלער האָט געהאט ארויסגעגעבן צו אים, אז אַלע פּריזאָנערס פון לאַגער, זאָלן אויסגעמאָרדעט ווערן און קיין איינציגער פון אונזער טראנספּאָרט זאָל בלייבן לעבן ...

מיין ערשטע אויפגאַבע אין יענעם אויסערגעוויינליכן טאָג, איז געווען צו געהן קיין אײפּעלדאָרף צו זוכן אַ צייטווייליגע וואָהנונג. איך האָב מיר געפונען א קליינעם צימער ביי איינער א דייטשער פרוי, באַנהאָף סטראסע 36, וואָס מיר האָבן פארנומען טראָץ אירע פּראָ־טעסטן ... זי האָט ניט ארויסגעוויזן קיין שום סימפּאטיע פאר דעם וואָס מיר האָבן אזוי פיל דורכגעמאכט פון אירע לאנדסלייט, די נאַצי בעסטיעס ... אויך די אנדערע פּריזאָנערס האָבן געפונען וואָהנונגען און נאָך פיל יאָר אָפּזייענדיג אין לאַגער פון טויט, האָבן מיר ענדליך געפונען א גוטע בעט זיך אויסצורוהען ...

אין אײפּעלדאָרף זיינען באפרייט געוואָרן בערך 2,000 מענער און 1,000 פרויען. שוין דעם נעקסטן טאָג האָבן מיר באַגראָבן 16 מאַן, וועלכע זיינען געשטאָרבן נעבן דער סטאַנציע בלויז עטליכע שטונדען נאָך זייער באפרייאונג ...

איך בין געווען אזוי אויסגעמאַטערט און ערשעפּט, אז איך האָב אָפּגעשלאָפן גאַנצע 48 שטונדען. מיין לאנגער שלאָף איז בלויז אונטער־געבראכן געוואָרן צוויי מאָל, איינמאָל ווען איך האָב גענומען שפּייז און דעם צווייטן מאָל ווען אונזער „לענדלעידי״ האָט געמאכט א פּארזוך צו פאַרניכטן אַלע דאָקומענטן וואָס וואָלטן איר קאָמפּראָמיטירט. ווען איך בין אויפגעשטאַנען נאָך צוויי טעג שלאָפן, האָב איך זיך געפילט זעהר שוואַך.

איך האָב זיך געמיט מיט אַלץ וואָס נאָר מעגליך זיך צוריקצו־קערן קיין טשעכאָסלאָוואקיע, אזוי שנעל ווי מעגליך, צו קריגן נייעס וועגן מיין משפּחה.

אין אַנהויב בין איך איינגעשטאַנען אין פעלדעפינג, אין די געווע־זענע באַראַקן פון די עס. עס. לייט וואָס מען האָט איצט פארוואנדעלט אין אן ערהוילונגס היים. דאָרט האָט מיך באַהאַנדעלט א דייטשער

דאָקטאָר אין אַמעריקאַנער דינסט (סוירוויס). נאָך די אַלע ערפאַרונגען וואָס איך האָב דורכגעמאכט אין די קאָנצענטראַציע לאַגערן, און צו־זעהענדג מיט מיינע אויגען אָט די אַלע שוידערליכע פאַרברעכענס וואָס די דייטשן זיינען באַגאַנגען געגען די הילפלאָזע, אומגליקליכע פריזאָנערס, האָב איך געהאַט געקראָגן אַ ווידערווילן געגען דייטשע דאָקטוירים, וואָס איך האָב ניט געקענט אונטערדריקן און איך האָב ניט געהאַט קיין צוטרויען צו זיי, וואָס דאָס איז די ערשטע באַדינג געזונט צו ווערן.

די גרעסטע טייל פון די דייטשע דאָקטוירים וועלכע זיינען געווען אַנגעשטעלט אין די דייטשע קאָנצענטראַציע לאַגערן אָדער אין זייערע געפענגעניסן, זיינען געווען פאַרברעכער וועלכע האָבן זיך ניט גע־רעכענט מיט דער מעדיצינישער עטיקע, אַז די פליכט פון אַ דאָקטאָר צו העלפן יעדן פּאַציענט מיט אַלע מעגליכקייטן וואָס די מעדיצינישע וויסענשאַפט דיקטירט זיי. דאָרט אין די קאָנצענטראַציע לאַגערן איז געווען פונקט דער היפוך, זיי האָבן געהאָלפן די הענקערס אין דער פאַרניכטונג פון די מיליאָנען אומשולדיגע קרבנות.

יעדענפאַלס, בין איך געווען באַרעכטיגט צו מיין ווידערווילען צו זיי. טראָץ דעם וואָס איך בין געקומען זיי זעהן יעדן טאָג אַלס אַ פּאַציענט, האָבן זיי אַלע מאָל געזאָגט אַז איך ברויך ניט קיינע באַהאַנד־לונגען אין אַ האָספּיטאַל און זיי האָבן מיר געראָטן צו עסן אַ סך, וויפיל נאָר עס וועט זיין מעגליך פאַר מיר, כדי צוריקצוקריגן מיין פאַרלאָרענע געוויכט און דורך דעם וועל איך צוריק קריגן מיין געזונט.

איך אָבער, האָב געוואוסט בעסער ווי איך פיל זיך, און איך בין געווען איבערצייגט אַז די דייטשע דאָקטוירים באַמיען זיך צו באַשיצען זייערע עס. עס. קאָלעגן, און זיי האָבן ניט געוואָלט ארויסצייגן זייערע פאַרברעכערישע שולדן ... פּאַציענטן וועלכע זיינען געווען מער טויט ווי לעבעדיג, האָבן די דייטשע דאָקטוירים ערקלערט פאַר מילדע קראַנקע, אָן אַנדער באַוויז וועגן מיין איבערצייגונג ...

דעם 7טען יוני 1945, האָב איך זיך צוריקגעקערט מיט אַ טראַנס־פּאָרט קיין טשעכאָסלאָוואַקיע. ווען מיר זיינען אָנגעקומען אין פּראַג, האָב איך זיך געפילט אַזוי קראַנק, אַז איך האָב געמוזט ארונטער פון צוג און זוכן מעדיצינישע הילף ... אויף דער מאַסאַריק סטאַנציע איז עטאַבילירט געוואָרן אַן אַמבולאַנס פאַר די דורכפאָרענדע פריזאָנערס, וועלכע האָבן זיך צוריקגעקערט פון די נאַצי קאָנצענטראַציע לאַגערן.

דערווייל האָט זישע לייב גרינבערגער פון קראַלאָוואַ נ. ט. מיר אינפאָרמירט, אַז מיין ווייב לעבט, נאָר זי איז ניט געזונט און זי געפינט זיך ערגעץ אין אַ האָספּיטאַל. מיטן אַמבולאַנס אויף דער מאַסאַריק

סטאַנציע האָט מען מיך אוועקגעפירט צו דער מאסאריק סאַנאַטאָריום. דאָרט האָט מען מיך אָנגענומען אַלס פּאַציענט.

עס איז לייכט זיך פאָרצושטעלן די גליקליכסטע איבעראַשונג, וואָס איך האָב געהאט, אז מען האָט מיט עטליכע שעה פריער אַהער גע־בראכט מיין פרוי. מיין ליבע, טייערע פרוי וועמען איך האָב ארומגעזוכט און געבענקט פאר אזוי לאנג. מיר ביידע וועלכע זיינען סעפּאַרירט געוואָרן און דעפּאָרטירט געוואָרן און האָבן דורכגעמאכט דעם שוידער־ליכן נאַצי גיהנום אין אַזאַ גרויסער מאָס. מיין פרוי וועמען איך האָב שפּעטער געטראָפן אין לאַגער (אוישוויץ־בירקענאו) פאר א קורצע ווייל און דאן זי ווידער פאַרלאָרן... איצט ענדליך דאַנקען גאָ־ט, האָבן מיר זיך ווידער געטראָפן אויף אַ גליקליכן אופן.. ביידע פריי.. אָבער פיזיש זעהר אָפּגעשוואַכט.

די באַהאַנדלונג, די היילונג און פּפלעגע זיינען געווען אויסער־געוויינליך גוט. די דאָקטוירים האָבן אונז זעהר גוט באַהאַנדעלט, איבערהויפּט דר. קרעזאר. אויך די נוירסעס און אלע אנדערע פון מעדעצינישן סטעף, האָבן זיך געמיהט און געארבייט צוריקצובריינגען אונז צום געזונט. מיין פרוי איז דאָרט פארבליבן אַכט וואָכן. אָבער איך האָב פארלאָזן דעם סאַנאַטאָריום מיט צוויי וואָכן פריער, ווייל איך האָב געוואָלט אויפזוכן אונזערע קינדער און אנדערע קרובים, פון וועמען מיר האָבן גאָרניט געהערט.

נאָך אַ לאַנגער, שווערער אויספאָרשונג, האָב איך ענדליך געמוזט אָקצעפּטירן די פאָלגענדע טרויעריגע אינפאָרמאציע: אַלע מיינע פינף קינדער זיינען ערמאָרדעט געוואָרן דורך די דייטשע נאַציס אין אוישוויץ.

אונזער טאָכטער חיה, געבאָרן געוואָרן דעם 28טען מאַי (י״ב סיון) 1931.

אונזער טאָכטער מלכה, געבאָרן געוואָרן דעם 10טען אויגוסט (ח׳ אב) אין 1932.

אונזער זוהן שלמה, געבאָרן געוואָרן דעם 27טען אויגוסט (י״ד אלול) 1934.

אונזער צווילינג זיהן יעקב צבי און שמואל געבאָרן געוואָרן דעם 27טן פעברואר (ד׳ אדר) 1936.

זיי אַלעמען האָבן די דייטשע נאַציס מאָסן מערדער, דערמאָרדעט אין דעם אוישוויץ גיהינום, דעם 28טען מאַי, 1944, ערב שבועות תש״ד.

אויף דעם זעלבן אופן האָב איך פארלאָרן זיבן פון מיינע ברידער און שוועסטער און א סאך פון זייערע קינדער און אייניקלעך, אַלע מיינע פעטערס און מומעס און א סאך פון מיינע קאָזינס און קוזינעס

צוזאמען מיט די זעקס מיליאָן אייראָפּעאישע אידן קדושים און טהורים
השם ינקום נקמת דם עבדיו השפוך ונקם ישיב לצריו...
יהא זכרם ברוך..!

* * *

אַלס איינער פון די וועלכע האָט געהאט דעם מזל איבערצולעבן דעם גיהינום פון די נאַצישע קאָנצעטראַציע לאַגערן, האָב איך אַלעמאָל געהאָפט אז ניט נאָר וועלן די מערדער פון אונזערע זעקס מיליאָן באַקומען זייער פארדינטע שטראָפן, נאָר אויך די לעבענספארבליבענע (סורווייוערס) אידן וועלן באַקומען קאָמפּענסאציע, פארגיטיגונג, אויב עס איז נאָר מעגליך צו פאַרגיטיגן פאר די אַלע צרות און ליידן...

צום באַדויערן אָבער, האָבן נאָך ניט אַלע פארברעכער באקומען זייער שטראָף. הונדערטע און טויזענטע פון יענע נאַצי מערדער דרייען זיך ארום אונטער פארשטעלטע נעמען אין פארשידענע לענדער, פראנק און פריי...

לאָמיר האָפן אז אָט די דאָזיגע דאָקומענטאַרישע באשרייבונג וועלן דינען אַלס אן אָנטרייב, זיך צו מיהען אויפצוזוכן די מערדער און זיי באַשטראָפן לויט זייערע שוידערליכע פארברעכענס. איך האַלט אַז עס וואָלט געווען א גרויסע עוולה געגען די אלע וועלכע האָבן זיך אָנגעליטן און געגען די זעקס מיליאָן אומשולדיגע אידן פרויען און קינדער, אויב מען וועט ניט אָפּשאַפן די לימיטאַציע געזעץ פון באַ־שטראָפן די וועלכע האָבן זיך ביז איצט אויסבאַהאַלטן פון קריגן זייער שטראָף...

סוף

ת״ח לזוגתי היקרה

## מרת פערל לאה תחי׳

בת מוה״ר אברהם ורבקה, בן הה״ג מוה״ר יעקב צבי ווייס, אבדק״ק סאבאסלוי, חתן הה״ג מוה״ר שמואל פרענקעל מב״ח אבדק״ק דאראג, בן הה״ג מוה״ר שרגא פייביש אבדק״ק גור, נכד מצד אביו להה״ג מוה״ר שרגא פייביש פרענקעל מב״ח אבדק״ק ברודא, בעהמח״ס שו״ת דת אש, ומצד אמו נכד להה״ג מוה״ר יצחק אייזיק כהנא אבדק״ק לייפניק.

בתנו היקרה **רבקה** תחי׳ לאויוש״ט

מיר זאָלען אסך נחת זעהן ביי איהר, אמן

## לזכר עולם יהיה צדיק!

ה"ה אדוני אבי ומורי מוה"ר שלמה בן דוד לוי שטערן ופערל מחוסט
נפטר ה' שבט

ואמי מורתי מרת חי' בת ר' שמואל ולאה פערל הארטשטיין מחוסט
נפטרה ה' ניסן
**ת נ צ ב " ה**

## למזכרת נצח

אאמו"ר מוה"ר שלמה שטערן זצ"ל מחוסט (יאָהרצייט ה' שבט), בן פערל ובן מוה"ר דוד לוי שטערן, בן מוה"ר ישעי' מקראלע, חתן להה"ג מוה"ר יהושע פריינד, חתן להה"ג מוה"ר יעקב סג"ל אב"ד סעמניטץ, בן הה"ג מוה"ר דוד סג"ל אב"ד סערעד, חתן הה"ג מוה"ר יעקב ר"מ במעהרן, חתן הה"ג מוה"ר זלמן שפיטץ ראב"ד אייזענשטאט, חתן הה"ג מוה"ר שמשון בכרך, חתן הה"ג מוה"ר יצחק מפראג, חתן הה"ג מהר"ל מפראג, בן הה"ג מוה"ר בצלאל, בן הה"ג חיים מווירמייזא, בן בנו של הה"ג מוה"ר יודא ליוואי הזקן מפראג, המקובל יחוסו איש מפי איש עד רבנו האי גאון ולמעלה בקודש, זצוקללה"ה זי"ע.

## ל ז כ ר ע ו ל ם !

### נשמות קרובי הקדושים שנהרגו עקה"ש ע"י הרוצחים הגרמנים הארורים ימ"ש, השם ינקום דמם השפוך, ה"ה:

אחי מוה"ר ישעי' זאב ואשתו מרת שרה ובניהם יושע ושמואל.

אחי מוה"ר צבי ואשתו מרת אסתר ובתם בלימה ובעלה ובניהם.

אחי מוה"ר מרדכי ואשתו מרת הינדא ובתם גאלדע ובעלה ובניהם: בתם שיינדעלע ובניה.

אחי מוה"ר רפאל ואשתו מרת שרה (אשתו ראשונה מרת רבקה ובניהם: אברהם ושמואל, ובתם רויזא ובעלה שלום יוסף ושני בניהם.

אחותי מרת רבקה ובעלה הוא מר חמי מוה"ר ר' אברהם ובניהם: שרגא פייביל אבדק"ק יערקין וזוגתו ושלשה בניהם מר דוד לוי ואשתו ובניהם, בתם אסתר ובעלה ר' שמואל שמעלקא ובניהם, בנם הב' הח' יודא.

אחותי מרת אסתר ובעלה מר טובי' ועשרה בניהם.

אחותי מרת גאלדא ובעלה מר יוזפא יואל ובניהם דוד לוי וחי'.

דודתי מרת מלכה כהנא (בעלה ר' דוד) וחמשה בניהם.

דודתי מרת לנה (בעלה ר' יודא שטערן) נכדה של הה"ק ר' שמואל שמעלקא מסעילש.

דודי מוה"ר אברהם געשטעטנער וזוגתו מרת רחל, ובניהם ה"ה: ישעי', משה ארי', יעקב, יוטל, יענטיל.

דודי מר יוסף שטערן ובנו משה.

דודי מר שמאי הארטשטיין ואשתו מרת דבורה ובניהם.

דודי מר יודא ארי' ואשתו מרת אסתר ובניהם.

דודתי מרת שרה גאטליעב (בעלה ר' בן ציון) ובניהם.

דודתי מרת רבקה קעסטענבוים (בעלה ר' יצחק) ובניהם ה"ה: ר' יעקב, פריידעל ובעלה צבי ווייס.

דודתי מרת גאלדע, ובעלה ר' יוסף ישעי' גליק ע"ה.

**ת נ צ ב " ה**

# חוסט

(מיין געבוירן שטאָדט)

כאָטש חוסט איז פאַרהעלטנעסמעסיג געווען א יונגע קהילה, האָבן זיך דאָרט געפונען איינגעפונדעוועטע חברות וואָס זיינען געווען מוסטערן פאר אידישע קהילות.

ווער עס האָט באַלאַנגט צו דער קהילה פון חוסט, איז אויטאָ־מאַטיש געווען א מיטגליד פון „חברה־קדישאָ (באַערדיגונגס פאַראיין). ווען־עמנס אויפגאבע עס איז געווען אז דער מיטגליד זאָל „לאחר מאה ועשרים" קריגן זיין געהעריגן פלאַץ לפי כבודו.

אין חוסט איז אויך געווען א „חברה ביקור חולים" צו באַזאָרגן יעדן חולה מיט אַלץ וואָס עס איז נויטיג אין מעדיצינישער באַהאַנד־לונג. זיי זיינען וועגען ווי א מין אינשורענס פאר קראַנקען בענעפיט.

עס איז דאָרט אויך געווען א חברה „פועלי־צדק", צו וועלכע עס האָבן געהערט אלע בעלי־מלאכות. יעדן שבת פלעגט א רב מיט זיי לערנען חומש מיט רש"י. עס איז אויך געווען א „חברה תהילים" וואָס יעדער איינער פלעגט זאָגן אַ „יום תהילים" בציבור.

אין חוסט האָט אויך פונקציאָנירט א חברה „עונג־שבת", וועמענס אויפגאבע עס איז געווען צו באַזאָרגען יעדן נויטבאַדערפטיגן אידן מיט חלות און וויין אויף שבת.

עס איז אויך געווען א פרויען פאראיין וואָס האָט זיך באַשעפטיגט מיט הכנסת כלה. זיי האָבן געהאָלפן די אָרעמע כלות און יתומות מיט אויסשטייער און מיט אנדערע נויטווענדיגקייטן.

די קהילה פון חוסט פלעגט ביישטייערן יערליך עטליכע הונדערט קלאַפטער האָלץ פאר ארעמע לייט, און בכלל געזעהן ארויסצוהעלפן יעדן נויטבאדערפטיגן אין זיין נויט.

א דאַנק דעם וואָס חוסט האָט געהאַט א סך גדולי הדור פאר רבנים ווי: הרה"ג ר' מאיר אש, הרה"ג מהר"ם שיק, הרה"ג ר' יואל צבי ראטה, הרה"ג ר' עמרם בלום, הה"ג ר' משה גרינוואלד, דער בעל „ערוגת הבשם", זיין זוהן הרה"ג ר' אברהם יוסף גרינוואלד, הרה"ג ר' יוסף צבי דושינסקי, און להבדיל בין החיים וחיי־החיים הרה"ג ר' יהושע גרינוואלד שליט"א, רב דקהל חוסט בבאָראָ פארק.

די דיינים זיינען געווען: דער מחבר פון ספר „רחמי אב" ר' יעקב קטינא, ר' שמואל דוד הכהן פריעדמאַן דיין איבער 40 יאָהר, זיין זוהן ר' יעקב, וועלכער איז אומגעקומען אין אוישוויץ, הי"ד. זיין

איידעם ר׳ נפתלי לאנדוי, וועלכער איז געווען דיין נאָך דער באפריי־אונג, יעצט איז ער אין ברוקלין.

פון די חשוב׳ע חוסטער בלע־בתים וועל איך דערמאָנען לזכר עולם די פאָלגענדע, (די וואָס זענען אומגעקומען אויף קידוש השם ווערן בעצייכענט מיט הי״ד, השם ינקום דמם): מר חמי ר׳ אברהם ווייס הי״ד, וזוגתו היא אחותו מרת רבקה הי״ד, ר׳ משה ראָזענפעלד ז״ל, וואָס האָט זיך כל ימיו אָפּגעגעבן מיט הצלה און האָט פאר הונדערטער אידן געהאָלפן, זיינע קינדער ר׳ יעקב הי״ד, ר׳ לייביש הי״ד, ר׳ יואל צבי הי״ד, ר׳ יצחק הי״ד, אויך זיין ברודער׳ס זוהן ר׳ דוד הי״ד, ר׳ יעקב כהנא ע״ה וזוגתו רחל הי״ד, ביתו פתוח לרוחה הי״ד, א סאך צדקה איז פון דער הויז ארויסגעגאנגען, זיינע קינדער מרדכי הי״ד, דניאל הי״ד, יחזקאל הי״ד און יצחק ע״ה.

ר׳ נחמן חיים היימעפלד הי״ד וזוגתו פייגה הי״ד, ער האָט עוסק געווען כל ימיו בצרכי ציבור באמונה, באזונדערס האָט ער זיך אָפּ־געגעבן מיט די תלמוד תורה, פון וועלכער ער איז געווען דער פרע־זידענט און האָט געהאָלפען פאר א סך אָרימע. זיינע קינדער יוסף יודא הי״ד, יצחק אליעזר הי״ד, יעקב שמחה הי״ד, ר׳ נחמן מייזעלס ע״ה, ר׳ אלטער סג״ל הי״ד, ר׳ משה זיסאָוויטש הי״ד, ר׳ צבי היימפעלד ע״ה, וזוגתו אסתר הי״ד ובנם יוסף יודא ע״ה, ר׳ בנימין דאווידאָוויטש ע״ה.

ר׳ אברהם הארטמאן הי״ד, ר׳ גרשון מאיר ענגעל הי״ד, ר׳ משה גאלדשילד הי״ד, ר׳ צבי גאלדשילד ע״ה ר׳ ארי מיללער הי״ד, ר׳ יצחק אייזיק אקערמאנן הי״ד, ר׳ שמואל יצחק אקערמאן הי״ד, ר׳ מנחם מארטאן הי״ד, ר׳ מרדכי מיללער הי״ד, ר׳ יצחק זיידענפעלד הי״ד, ר׳ אשר אנשיל ווילהעלם הי״ד, ר׳ שלמה אברהם געלב הי״ד, ר׳ חיים ווייס הי״ד, ר׳ זאב ווייס הי״ד, ר׳ שמואל זאנוויל קרויס הי״ד, זיין איידעם ר׳ שמואל בראך הי״ד, ר׳ משה מאשקאָוויטש הי״ד, ר׳ זאב מאיר פריעדמאן ע״ה, זיינע זיהן ר׳ יודא יוסף הי״ד, ר׳ אברהם שמחה הי״ד, ר׳ אהרן פריעדמאנן הי״ד, ר׳ משה קליין הי״ד, ר׳ שלמה מארקאָוויטש הי״ד, ובנו שמואל זיינוויל הי״ד, ר׳ יעקב מייזעלס הי״ד, ר׳ אברהם יעקב סינאי הי״ד, ר׳ חיים פריעד הי״ד, ר׳ צבי פרעיד הי״ד.

ר׳ נחמי׳ לעבאָוויטש הי״ד, ר׳ צבי רויזענבוים הי״ד, ר׳ זלמן לייב האָלענדער הי״ד, הרב ר׳ יחזקי׳ גרינוואלד הי״ד, ר׳ שמואל פרענקל הי״ד, ר׳ צבי דוב ווייס הי״ד, ר׳ חיים אליעזר ליבערמאנן הי״ד, ר׳ אייזיק הערשקאָוויטש הי״ד, ר׳ משה פראגער הי״ד, ר׳ בן ציון טרייבער הי״ד, ר׳ חיים פריעדמאן הי״ד, ר׳ יצחק אויסלענדער הי״ד, ר׳ יושע גרינפעלד הי״ד, ר׳ אברהם חיימאָוויטש הי״ד, ר׳

מרדכי בר דניאל כהנא ע״ה, ר׳ יצחק מאיר גוטמאנן הי״ד, ר׳ שמואל דוד לאזאראָוויטש הי״ד, ר׳ שמואל הארטשטיין הי״ד, ר׳ שמעון משה הארטשטיין ע״ה, ר׳ חיים הארטשטיין הי״ד, ר׳ שלמה הארטשטיין הי״ד. ר׳ אברהם קריינדלער הי״ד, ר׳ קלמן עזראָוויטש הי״ד.

ר׳ אהרן שטערן הי״ד, דר. שמעון וואסערמאנן הי״ד, ר׳ יושע פיש הי״ד, ר׳ יצחק מאיר קליינמאן הי״ד, ר׳ מרדכי גראס הי״ד, ר׳ יודא ווייס הי״ד, ר׳ אלי׳ גליק הי״ד, ר׳ גדלי׳ גליק הי״ד, ר׳ זאב פריעדמאן הי״ד, ר׳ דוד הערשקאָוויטש הי״ד, ר׳ שמאי הארטמאן הי״ד. ר׳ ישעי׳ זאב הארטשטיין הי״ד, ר׳ שאול ראפאאָפּארט הי״ד,

ר׳ שמואל וואלף פריעד ע״ה, ר׳ פנחס שטיין הי״ד, ר׳ דוד בערקאָוויטש הי״ד, ובנו צבי ארי׳ הי״ד, הב׳ מרדכי בערקאָוויטש הי״ד ר׳ צבי אלימלך פרייליך הי״ד, ר׳ אברהם כ״ץ הי״ד, ר׳ צבי ווייס הי״ד, ר׳ שלמה הכהן גראס הי״ד, ר׳ ברוך צבי צעלינגער הי״ד, ר׳ אליעזר פארקאש הי״ד, ר׳ מרדכי שאלאמאן הי״ד, ר׳ משה שאלאמאן הי״ד.

ר׳ מאיר יודא קטינא הי״ד, ר׳ יחזקאל קטינא הי״ד, ר׳ מנחם צבי קאסירער הי״ד, ר׳ יצחק זיידענפעלד הי״ד, ר׳ יעקב קעסטענבוים הי״ד, ר׳ מאיר ווייס הי״ד, ר׳ חיים כהנה הי״ד, ר׳ משולם וואלף הי״ד, ר׳ יעקב כהנא הי״ד, ר׳ ישעי׳ ווייס הי״ד, ר׳ משה ווייס הי״ד, ר׳ משה ארי׳ גאטליעב הי״ד, ר׳ שמואל כהנא ע״ה.

און נאָך און נאָך הונדערטער טייערע חוסטער אידן וואָס זענען אומגעקומען אויף קידוש השם. השם ינקום דם עבדיו השפוך. ונקם ישיב לצריו.